להשתמש בה ביותר — נגד שורה של כוסות קטנות, וחנוכית הזהב — מול ה„כאלאט׳ל״ של המגיד מקוז׳ניץ...

אחרי הגורל עלה ה„כאלאט׳ל״ בחלקו של הבכור, ממלא מקום אביו, והחנוכיה בחלקו של האח השני, הרב מפלאנטש. חסידי רוזוואדוב ראו בזה אות לטובה והחנוכיה המיוחסת, שבכל לילות החנוכה השתקף ברק זהבה בפניני דמעותיו של הרבי ז״ל — נדדה לפלאנטש.

[ י ]

פרצה מלחמת תרע״ד, ותרעד הארץ. אנדרלמוסיה באה לעו־לם. מפחד הכובש כלם נדדו הלכו לעיר הבירה. חזרו הפלי־טים אחרי שגורש האויב ומצאו עריהם חרבות, נתכנסו לערי המחוז, כי שמעו כי שם צוה ה׳ את הברכה ושפע של משא ומתן. רבים מאדמו״רי החסידים אף הם שינו את מקומם ובאו לגור בתוך אנשי שלומם בערי המחוז. בחשכת הימים האלה גברו געגועי לימים ראשונים, לשירם ולזמרם... נכספתי להווי חיים זה, למען דובב את הנפש בנגוניו של הרבי כבשנים קדמוניות.

עזבתי את ביתי, נטשתי את קני באחד מימי חנוכה ונסעתי להרב מפלאנטש, שעבר גם הוא לרישא. לא לפי גילו הזדקן האיש. צרות ישראל שברוהו ומצוקותיו צימקו את גוו. מתפ־ללים מעריב. חדרים רחבים ומרווחים — וצר המקום לנאס־פים בם. רבים הם הבאים לתנות צרותיהם ולקבל במקומן ישועה ופדות. אין קץ לתלאות. הרבי שומע הכל, סובל הכל ומזיל דמעה על כל צרה. משתתף ברחמים ומבטיח ישועה.

גמרו תפילת ערבית. על יד הדלת של החדר האמצעי מוכנה ועומדת חנוכית־הזהב. הרבי נר שעוה בידו, מברך עליה על הנסים. מדליק ויושב ומזמר „למנצח בנגינות״ ו„מעוז צור״ ב„ניגוני החצר״ המקובלים.

כוכבים נוצצים מבחוץ, ומבפנים נוצץ זהב ונר בהלו. והרבי לבו ובשרו ירננו:

השוף זרוע קדשך,<br>וקרב קץ הישועה.<br>עשה נא למען שמך,<br>להיות לנו תשועה...

במישור, גליון רע״ט—רפ, תש״ו (1945).

# ראזוואדאוו מיין שטעטעלע

## אַדעלאַ האַנפּלינג דע צוקער

כאָטש איך בין נאָך געווען אַ קינד, ווען מיין טאַטע האָט פאַרלאָזט זיינע „קעסט״ ביי באָבע־זיידע אין ראַזוואַדאָוו און איז מיט אונדז געפאָרן קיין קראָקע, וואו ער האָט גע־זאָלט ווערן דיין, האַלט איך ראַזוואַדאָוו פאַר מיין שטעטל, ווייל דאָרט בין איך געבוירן און אַהין בין איך פון קראָקע יעדעם יאָר געפאָרן פאַרברענגען די זומער־חדשים ביי באָ־בע־זיידע אויף פרישע לופט און אַלע זכרונות פון מיינע איבערלעבענישן אין ראַזוואַדאָוו, זיינען מיר איינגעבאַקן אין האַרצן מיט ליבע.

מיין זיידע, ר׳ שמחה פלוים, איז אַ שטיקל צייט געווען ראש־הקהל אין ראַזוואַדאָוו און דאָס גאַנצע אידישע לעבן מיט אַלע געשעענישן האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אָדער קאָמענ־טירט געוואָרן ביים זיידן אין שטוב.

הגם עלעגאַנט געקליידעט, אָבער חסידישע קליידער, מיט באָרד און פאות, איז מיין זיידע פונדעסטוועגן געווען אַ „קרוב־למלכות״; ער איז געווען אַ „צעסאַרסקיע קרולעווסקי דאָסטאַווצאַ שוטרו דאַ דרוג קראַיאָוויך״ (קייזער קעניגלע־כער ליפעראַנט פון שוטער־שטיינער פאַרן בוי פון לאַנדעס־שאָסייען) און איז געווען דער אייגנטימער פון אַזעלכע



מיין שטעטעלע ראַזוואַדאָוו

שטיין־גרובנס אין סטאַנאַוו און אין כוזשעוויץ און אומגעגנט, ער האָט געהאַלטן הונדערטער אַרבעטער און אויפזעער און פאַרמאָגט אייגענע טראַנספּאָרט־מיטל פאַר שוטער, וועלכן ער האָט געליפערט אַפילו פאַרן עסטרייכישן וועגן־בוי און מיין פרומער זיידע איז געווען אַזוי אָנגעזען אין די אָפיציעלע קרייזן, אַז אַפילו דער דעמאָלט באַקאַנטער אַנטיסעמיטישער אינזשעניער סטראַנסקי, האָט זיך געמוזט באַציען צום זיידן מיט גרעסטן רעספּעקט און דער פירסט לובאָמירסקי איז געקומען אַלס גאַסט צו די פאַמיליאַרע שמחות אין מיין זיידנס הויז, פונקט ווי מיין זיידע איז אויפגענומען געוואָרן אַלס חשובער גאַסט אויף די פאַמיליאַרע שמחות אין פירסט לובאָמירסקיס פּאַלאַץ.

## די דריי קדושים פון ראַזוואַדאָוו

איך געדענק, אַזוי ווי עס וואָלט געווען ערשט נעכטן, ווי איך בין אין די שבת־פאַרנאַכטן געזעסן אויף דער באָבעס שויס אין דער שטוב נעבן דער סאַלע, ווו דער זיידע מיט זיינע פינף זין און עטלעכע אָנגעזעענע באַלעבאַטים און אַ צענדליק אורחים, האָבן געפּראַוועט שלוש־סעודות.

איך בין געזעסן אויף דער באָבעס שויס און מיט שרעק געקוקט אויף די טונקעלע שאָטנס וואָס שפּרייטן זיך כסדר מער אויף די ווענט און איך האָב זיך צוגעהערט צו די זמירות־געזאַנגען, וואָס האָבן זיך אַזוי ציטעריק אַריינגעגנבעט צו אונדז פון דער סאַלע און ווען עס איז שוין געווען גוט פינצטער, האָב איך זיך פעסטער צוגעטוליעט צו מיין באָבען און בעת דער זיידע אין סאַלע האָט אָנגעהויבן זיך מפלפל זיין מיט די יידן אין לערנען, האָט די באָבע דערווייל אָנגעהויבן דערציילן מעשות פון אַמאָל און נישט איינמאָל איז אינמיטן דערציילן אַראָפּגעפאַלן אַ טרער פון אירע אויגן.

— דאָס תורה־לערנען בעת די שלוש־סעודות, ציט זיך שוין אַזוי אין אונדזער משפחה פון לאַנגע צייטן, ביז צו מיין זיידנס עלטער־זיידנס טאַטן, ר' פּנחס „הפלאה".

אַ סך פינצטערע צייטן האָבן יידן שוין איבערגעלעבט זייט דעמאָלט, אָבער ליכטיקייט פון דער הייליקער תורה און דערהויבנקייט פון טיפן גלויבן אין גאָט ברוך־הוא, האָט געהויזט אין יידישע שטיבער אין די שבתים און ימים־טובים.

און די באָבע האָט אָנגעהויבן דערציילן וועגן איר גרויסן יחוס ביז צום „חוזה פון לובלין" און ווי אַזוי איר פאָטער, מיין עלטער־זיידע האָט זיך געפרייט, וואָס ער האָט פאַר איר באַקומען שמחהלען, וואָס שטאַמט פון גרויסן בעל „הפלאה", וועמענס אייניקל האָט זיך מקריב געווען על קדוש־השם...

מיינע פינף מומעס, די ווייבער פון מיינע פינף פעטערס וואָס זיינען געזעסן אין דער סאַלע מיטן זיידן, האָבן באַלד אָנגעהויבן בעטן, אַז די באָבע זאָל דערציילן און איך האָב זיך נאָך שטאַרקער צוגעדריקט צו דער באָבעס ברוסט און מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם זיך צוגעהערט:

— דער „הפלאה" זכרונו לברכה, האָט שוין לאַנג גערוט אין גן־עדן, ווען די פריצים האָבן זיך געלאָזט אָנריידן פון די יעזואיטן ימח־שמם, אַז די יידן דאַרפן האָבן בלוט פון קריסטלעכע קינדער צו די מצות.

פונקט דעמאָלט, איז פאַרשוווּנדן געוואָרן אַ קריסטלעכע מאַמע צוזאַמען מיט איר קינד און די פריצים מיט זייערע לייב־אייגענע זיינען איבערגעפאַלן די יידישע היימען און מען האָט אַרויסגעריסן אַלע טאַטעס און מאַמעס פון זייערע היימען און זיי אַלעמען פאַרשפּאַרט אין תפיסה און אויף די יידישע קינדער, האָבן די יעזואיטן כלומרשט רחמנות געהאַט און זיי דערווייל געגעבן עסן, מיט דער האָפענונג, אַז זיי וועלן זיך לאָזן אָפּשמדן.

אָבער אונדזערע יידישע קינדער האָבן שוין געוווּסט די אַלע מעשות וועגן אונדזערע קדושים וואָס האָבן פון זיך געלאָזן רייסן פּאַסן און זיי זיינען נישט אָפּגעטראָטן פון יידישן גאָט, האָבן זיי נישט געוואָלט אָנעמען דאָס עסן פון די יעזואיטן ימח־שמם, האָבן זיי בעסער געוואָלט אויסגיין פאַר הונגער, אַבי נישט עסן קיין טרפות...

זיינען טאַקע אַ סך יידישע קינדער קראַנק געוואָרן און אַ סך זיינען אויסגעגאַנגען פון הונגער. האָט זיך דאָס געוויין פון יידישע קינדער געטראָגן צו די הימלען און דורכגעשלאָגן די שערי־רחמים און דעמאָלט איז קראַנק געוואָרן דעם פירסט לובאָמירסקיס איינציקע קינד און דער גראַף האָט געזען אין חלום אַן אַלטן יידן און דער ייד האָט אים געזאָגט, אַז אויב ער וועט נישט רחמנות האָבן אויף די הונגעריקע יידישע קינדער און זיי צוריקגעבן זייערע אומשולדיקע טאַטעס, וועט גאָט נישט האָבן קיין רחמנות אויף זיין איינציק קינד...

צומאָרגנס נאָך דעם חלום, האָט זיך דער פירסט אָנגעהויבן אינטערעסירן מיט דעם משפט קעגן די אַרעסטירטע יידן און כאָטש ער האָט זיך שנעל דערוווּסט, אַז די גויע מיט איר ממזר איז צוזאַמען מיט אַ יעזואיטישן גלח אַוועקגעפאָרן קיין קראָקע און דער גלח האַלט זיי דאָרט פאַרשפּאַרט אין אַ קלויסטער און דער גראַף לובאָמירסקי האָט באַלד געוואָלט באַפרייען אַלע יידן, האָבן דאָס אָבער די יעזואיטן מיט די אַנדערע פריצים בשום אופן נישט דערלאָזן, זיי האָבן נישט דערלאָזן אַז עס זאָל אויפגעדעקט ווערן דער אמת, ווייל די פריצים וואָלטן דערפון געהאַט צו ליידן, האָבן זיי

זיך געאייניקט, אַז מען קאָן באַפרייען אַלע יידן מיט זייערע ווייבער, אויב די שטאָט וועט אַרויסגעבן די שענסטע דריי באַלעבאַטים, מען זאָל איבער זיי אויספירן דעם פסק־דין פאַרן פאַרגאָסענעם בלוט פון מוטער און קינד...

האָט עס טאַקע נישט לאַנג געדויערט, דער צער פון די הונגעריקע אידישע קינדער איז געווען זייער גרויס, האָבן זיך דער רב און דער ראש־הקהל באַלד צומאַרגנס אַליין געמאָלדן און צו זיי איז באַלד צוגעשטאַנען אַלס דריטער — ר׳ שמחה דער גביר, מיין שמחהלעס גרויסער זיידע, דעם „הפלאה״ס אייניקל און די פריצים האָבן אַרויסגעטראָגן אַן אורטייל, אַז מען זאָל די דריי „שולדיקע״ איינשפאַרן אין דריי פעסער און זיי גוט פאַשרפונטעווען און מען זאָל די פעסער קאַטשען זיבן מאָל אַרומנאַוּנאַרום דער שטאָט און דערביי זאָלן אַלע יידן, גרויס און קליין שטיין אין דרויסן און זען ווי אַזוי מען פירט אויס דעם אורטייל קעגן די „קריסטן־מערדער״...

דער פירסט לובאָמירסקי האָט דעמאָלט גאָרנישט מער געקאָנט אויפטאָן און די שונאי־ישראל האָבן דעם פינצטערן אורטייל אויסגעפירט.

אינמיטן מאַרק האָט מען די דריי קדושים אַריינגעשטופּט אין פעסער, די תלינים האָבן צוערשט אויסגעבויערט לעכלעך אין די פעסער, כדי די קדושים זאָלן אויסהאַלטן לענגער און דערנאָך האָבן זיי די פעסער פעסט פאַרמאַכט און גוט אַרומגערייפט און אַ כאַפּטע פויערים, לייב־אייגענע, האָבן באַקומען דעם באַפעל צו קאַלערן די פעסער אַרום דער שטאָט. גרויס איז געווען די יללה פון דער גאַנצער שטאָט ווו נאָר די פעסער האָבן זיך פאַרביי געקאַלערט און מען האָט אַזוי לאַנג געהערט פון די פעסער אַרויסשרייען: — שמע ישראל ד׳ אלוקינו ד׳ א־ח־ד!... ביז די קדושים האָבן מיטן לאַנגאויסגעצויגענעם „אחד״ אויסגעהויכט זייערע הייליקע נשמות...

### פּורים־שפּילן ביים זיידן אין הויז

דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען אַ סך פּוילישע און רוסישע יידן זיינען אַנטלאָפן פון זייערע היימען צוליב דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה. דעמאָלט איז קראָקע געווען פול מיט אַזעלכע היימלאָזע יידן און עס האָבן זיך פאַרשפּרייט פאַרשידענע קראַנקהייטן. איך האָב דאַן פאַרבראַכט עטלעכע חדשים אין מיין זיידנס הויז אין ראַזוואַדאָוו און איך האָב מיטגעמאַכט אַ פּורים אין מיין זיידנס הויז.

אויך אין קראָקע האָב איך פּורים געזען „פאַרשטעלטע״ וואָס זיינען געגאַנגען פון איין יידישער שטוב צו דער אַנדערער, אָבער אין קראָקע זיינען זיי געגאַנגען צו צוויי און העכסטנס צו דריי און זיי האָבן בלויז געזונגען לידער; אַנדערש איז עס געווען אין ראָזאַדאָוו:

אַ גאַנצע כאַפּטע איז פּלוצלינג אַריינגעפאַלן מיטאַמאָל. מענער און ווייבער, אָבער באַלד האָט מען געזען, אַז די ווייבער זיינען אויך מענער, נאָר אָנגעטאָן אין ווייבערשע קליידער...

אַזוי ווי זיי זיינען נאָר אַריינגעקומען, האָבן זיי פאַרנומען אַ גרויסן פלאַץ אַנטקעגן איין זייט טיש און איינער פון זיי האָט אָנגעהויבן שפּילן אויף אַ פידל און אַן אַלטער ייד מיט אַ לאַנגער גרויער באָרד; האָט אָנגעהויבן זינגען מיט אַ קינדיש שטימעלע: — „לא אמות כי אחיה, ואספר מעשה יה״... און באַלד האָט ער דאָסזעלבע איבערגעזונגען אויף יידיש און דערנאָך אויך אויף פּויליש:

איך וויל נישט שטאַרבן, נאָר לעבן, איך זאָל קענען
גאָט לויבן...
נעכצע אומזשיטש, טילקאָ זשיטש, פּאַנאַ באָגאַ
פּאַכוואַליטש!...

איך בין געשטאַנען און מיט פאַרכאַפּטן אָטעם געקוקט ווי דער שפּילער כשופט אַרויס מיט זיינע ציטערדיקע פינגער אַזעלכע האַרציקע טענער פון זיין פידעלע און איך האָב געקוקט אויף דעם קינד מיט דער גרויער באָרד וואָס האָט אַזוי שיין געזונגען און פּלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ רוף:

מאַכט אַ וואָרע, מאַכט אַ וואָרע,
אָט קומט יוסף הצדיק און דער קעניג פּרעה
און אָט קומט דער פעטער מרדכי מיט דער מלכה אסתר,
גרין ווי אַ גראָז, די שענסטע פון אַלע שוועסטער...
און אָט פירט אברהם יצחקלען צו דער עקידה,
און אָט וואַקלט זיך נח, אונדזער שכורער זיידע...

— און עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס פּורים שפּיל וואָס האָט געדויערט ביז שפּעט אין דער נאַכט און כסדר האָט דער „אויסרופער״ וואָס איז געשטאַנען מיט אַ גאָלדענעם שטעקן, אַרויסגערוקט נייע פּערסאָנאַזשן פון דער יידישער געשיכטע, ביז עס איז געקומען צו המנען און ער האָט געכאַפּט די אמתע מפּלה...

### אַ שטעטל ווי אַ קאַרוזעלע

ביי זיידע־באָבע אין הויז, האָב איך אַ גאַנצע וואָך געזען אַ לעבעדיקע באַוועגונג פון סוחרים, גוים און יידן און משולחים, ארץ ישראל־יידן און „אורחי־פורחי״ וואָס אַלע זיינען כמעט געווען אַזעלכע מענטשן און אין דער זעלבער קליידונג ווי אין קראָקע און אין די שבת־טעג האָב איך פון מיין באָבען געהערט אַזויפיל מעשׂות. אָבער די מעשות זיינען געווען פון אַמאָל און אַזעלכע טרויעריקע מעשות.

דערפאַר האָב איך אָבער אין די שבתים־נאָכמיטיק געהאַט גרויס הנאה, ווען חברטעס האָבן מיר געוויזן מיין געבורט־שטעטעלע פון אַלע זייטן און געפירט מיך אַפילו שפּאַצירן ביז צו די וועלדלעך הינטערן שטעטל, ווו מען האָט שוין נישט געטאָרט גיין, ווייל עס איז געווען אויסערן „תחום־שבת"...

ווען איך בין אָנגעקומען קיין ראַזוואַדאָוו, האָבן זיך די קינדער פון מיין געבורט־שטעטל וואָס זיינען געווען אין מיינע יאָרן און אַפילו אַ סך עלטערע פון מיר — געהאַלטן פאַר אַ כבוד זיך מיט מיר צו חברן און זיי האָבן מיך מיט גרויס נייגעריקייט אויסגעפרעגט וועגן קראָקע, און איך האָב זיי געבעטן, זיי זאָלן מיר ווייזן און דערציילן אַלעס וועגן ראַזוואַדאָוו.

און זיי האָבן מיר געוויזן און דערציילט.

זיי האָבן מיך געפירט אַרום דער שטאָט און געוויזן מיר, אַז ראַזוואַדאָוו איז פּונקט אַזוי קיילעכיק ווי אַ קאַרוזעלע און אין מיין פאַנטאַזיע האָב איך שוין געזען גאַנץ ראַזוואַדאָוו ווי אַ דרייענדיקע קאַרוזעלע, נאָר אַנשטאָט פערדלעך אויף דער קאַרוזעלע, זע איך פּעסער וואָס קאַטשען זיך אַרומאונאַרום דער שטאָט און פון די פּעסער הערט זיך אַ־רויסשרייען דער „שמע ישראל" פון די קדושים...

מיינע חברטעס האָבן מיר אויך סודות־פול אָנגעוויזן אויף אַ ווייס געקאַלכטער שטוב און געזאָגט אויפן אויער, אַז דאָ האַלטן זיך אויף די אַפּיקורסים פון שטעטל...

די נייגעריקייט האָט מיך באַוויגן איך זאָל דווקא עטלעכע מאָל פאַרבייגיין פאַר דעם געווייסטן הויז און איך האָב גע־הערט ווי מען זינגט דאָרט אַנשטאָט זמירות — אידישע לי־דער און שפּעטער האָב איך שוין געוווּסט, אַז די גרויס־שטאָטישע קליפּה האָט זיך שוין אַריינגעכאַפּט אויך קיין ראַזוואַדאָוו, עס זיינען שוין פאַראַן ציוניסטן און ציציליסטן און איין גאָט ווייס וואָס דערפון וועט ווערן...

בעת די שפּאַצירן מיט מיינע חברטעס, האָב איך זיך אויך באַגעגנט מיט זרח דעם שטאָט־משוגענעם.

ווען ער האָט זיך באַוויזן, זיינען זיך אַלע מיינע חברטעס צעלאָפן און איינע האָט מיך מיטגעשלעפּט און דערנאָך גע־זאָגט, אַז איך וואָלט געמעגט גומל־בענטשן, ווייל זרח זוכט אַזעלכע קינדער וואָס קענען אים נאָך נישט, ער וואָלט מיך געווען געכאַפּט און זיכער וואָלט ער מיר אויסגעריסן אַ פּוס, ווייל דאָס איז זיין משוגעת; ער כאַפּט אַ קינד און וויל אַרויסרייסן אַ פיסל זאָגנדיק דערביי: — איצט איז שוין גוט! איצט וועל איך שוין האָבן אַ פיסל צו פאַרוקן אין טשאָלנט אַריין...

באַרואיקט נאָך דער איבערגעלעבטער שרעק, ווען זרח דער משוגענער האָט זיך געיאָגט נאָך מיר, האָב איך אָנגעהויבן אויספרעגן מיינע חברטעס ווער ער איז און ווי אַזוי ער איז משוגע געוואָרן און די חברטעס האָבן מיך אויפן צווייטן שבת געפירט אַפן סאַמע רינג־פּלאַץ און געוויזן מיר אַ גרויס הויז צום פראָנט פון שטעטל.

דאָס איז געווען אַ גרויסע שטאָקיקע שיינע געביידע, וואָס די פענצטער אינדערהויך זיינען געווען פאַרהאָנגען מיט שיינע פאַרהאַנגען און אונטן איז געווען אַ גרויס אַפּטייק־געשעפט.

די חברטעס האָבן מיר דערציילט, אַז דער געשמדטער אַפּטייקער און די עטלעכע גויאישע שכנים, וווינען אין דעם פאַרשאָלטענעם הויז קוים עטלעכע יאָר און פריער איז דאָס געשטאַנען פּוסט און קינדער האָבן מורא געהאַט דאָ פאַר־בייצוגיין אַפילו באַטאָג.

די חברטעס האָבן מיר דערציילט, אַז דאָס הויז רופט מען נאָך עד־היום — מאַשקע הירשפעלדס פאַרשאָלטענע הויז.

ווער איז געווען מאַשקע הירשפעלד?

מיט אַ סך יאָרן צוריק, איז מאַשקע הירשפעלד געווען דער רייכסטער ייד אין ראַזוואַדאָוו און צוליב זיינע באַ־קאַנטשאַפטן מיט פּריצים, האָט ער מיט כוח פאַרנומען דאָס אַמט אַלס ראש־הקהל און ער האָט געשאַלטעט און געוואַל־טעט ווי ער האָט געוואָלט.

מאַשקע האָט אַפילו געטיילט אַ סך צדקה, נאָר ער איז געווען אַ גרויסער עקשן און נאָך אַ גרעסערער תקיף, איז אים איינגעפאַלן, אַז די שול איז צו אַלט און מען דאַרף בויען אַ מאָדערנע שול, ווי ער האָט געזען אין פּשעמישל.

האָבן די יידן געטענהט, אַז די שול איז אַ הייליקע, זי איז שוין אַזוי אַלט און אויב ער וויל, זאָל ער בויען אַ נייע, נאָר די אַלטע זאָל ער נישט צעוואַרפן; האָט אָבער מאַשקע נישט געוואָלט הערן קיינעמס עצות, האָט ער געלאָזן צע־וואַרפן די אַלטע שטיינערנע שול, די גרויסע שטיינער פון דער אַלטער שול האָט ער גענומען פאַר זיך, צום בויען אַ ניי הויז אויפן רינג־פּלאַץ און די שול האָט ער אויף שנעל אויסגעבויט פון ציגל.

דערציילן די קינדער פון ראַזוואַדאָוו, אַז אַרבעטער האָבן אַ לאַנגע צייט נישט געקענט רירן די שול־שטיינער פון אָרט, אָבער מאַשקע הירשפעלד איז געווען אַן איינגעשפּאַרטער און ער האָט געבראַכט אַזעלכע מאַשינען וואָס האָבן די שטיינער אויפגעהויבן פון די פּלעצער און מען האָט זיי אַ־ריבערגעפירט צום דעם פּלאַץ אויפן רינג, ווו ער האָט גע־וואָלט בויען פאַר זיך דאָס נייע הויז.

ניִשט אַזוי שנעל און ניִשט אַזוי לייכט האָבן זיך די שטיינער געלאָזט איינבויען אין די ווענט פון מאַשקעס הויז; עס האָט געדויערט עטלעכע יאָר און מענטשן וואָס זיינען אין די אָוונטן פאַרבייגעגאַנגען אויפן רינג, האָבן געהערט ווי די שול־שטיינער קרעכצן אַרויס פון די ווענט און מען האָט שוין געוווּסט, אַז קיין גוטס וועט דערפון ניִשט אַרויסקומען; אָבער מאַשקע האָט פון גאָרניִשט געוואָלט וויסן, ער האָט געבויט און געבויט, ביז דאָס הויז איז געווען פאַרטיק און ער האָט זיך דערין אַריינגעקליבן מיט זיין גאַנצן בני־בית, זיין ווייב, דריי טעכטער מיט די דריי איידעמס אויף קעסט און צוויי יונגע זין.

שוין די ערשטע נאַכט, האָט גיטל, מאַשקעס ווייב, אויפגעוועקט די קינדער און זיי מיט שרעק אין די אויגן געוויזן אויף די ווענט און געפרעגט צי זיי הערן ניִשט וויינען...

די קינדער האָבן צוגעלייגט די אויערן צו דער וואַנט, זיי האָבן גאָרניִשט געהערט. גיטל האָט אָבער פאַרזיכערט, אַז זי הערט ווי עפּעס וויינט אין די ווענט, אַזוי ווי אַ קינד וואָלט דאָרט געווען איינגעמויערט און עס וויינט...

מאַשקע האָט זיך אויסגעלאַכט דערפון, אָבער אין שטעטל האָט מען שוין זייער פיל גערעדט וועגן דעם געוויין וואָס רייסט זיך אַרויס פון די שול־שטיינער וואָס זיינען איינגעמויערט אין מאַשקעס רייכן הויז און מען האָט געזען ווי גיטל מאַשקעס גייט ממש איין פון טאָג צו טאָג, ביז אין אַ שיינעם פרימאָרגן, האָט מען געהערט אַז גיטל איז ניִשט זיין זאָל עס, משוגע געוואָרן...

מאַשקע איז אָבער אַלץ געווען איינגעשפּאַרט, ער האָט גיטלען אַוועקגעשיקט צו דאָקטוירים קיין קראָקע און ער איז געבליבן זיצן אין דעם גרויסן שיינעם הויז, גלייך ווי גאָרניִשט וואָלט געשען.

זיינען קוים פאַרביי עטלעכע וואָכן, און מאַלי, דאָס יונגסטע טעכטערל וואָס האָט ערשט מיט אַ יאָר צוריק חתונה געהאַט, האָט פּלוצלינג אָנגעהויבן „ריידן פון וועג", זאָגנדיק, אַז זי האָט געזען אַ גרויסן שוואַרצן הונט אויפן פענצטער פון איר סאַלע... און ער באַווייזט זיך פאַר איר יעדע נאַכט.

אַ קורצע צייט שפּעטער, איז אויך דבורהלע, די מיטעלע טאָכטער אַראָפּ פון זינען און עס האָט ניִשט געדויערט קיין גאַנץ יאָר, זיינען אַלע קינדער אַ חוץ איין איידעם וואָס איז באַצייטנס אַנטלאָפן — אַראָפּ פון זינען.

די גרעסטע צרה איז געווען מיט דעם יונגסטן זונדל, זרח מאַשקעס.

ער איז קוים אַלט געווען זעקס יאָר און מען האָט ניִשט אַזוי שנעל געקענט דערקענען אַז ער איז גערירט, אָבער איינמאָל איז ער געקומען אין חדר מיט אַ מעסער און ער האָט געוואָלט ביים מלמדס קינד אין וויגל, אָפּשניידן אַ פּיסל, כדי עס צו פאַרוקן אין טשאָלנט אַריין...

מיט נסים האָט מען דעמאָלט דאָס קינד אָפּגעראַטעוועט פון זרחלס הענט און אַזוי איז זרחל געבליבן ביז צום היינטיקן טאָג, ער איז שוין אפשר אַכציק יאָר אַלט, און ער לויפט נאָך אַלץ נאָך קינדער און וויל זיי אַרויסדרייען אַ פיסל צום פאַרוקן אין טשאָלנט אַריין...

ווען איך בין, נאָך די מעשות וואָס די חברטעס האָבן מיר דערציילט, אַהיימגעקומען, האָב איך ערשט די באָבען געבעטן זי זאָל מיר דערציילן וועגן מאַשקעס פאַרשאָלטענע הויז און איך האָב געזען, אַז די חברטעס האָבן מיר דערציילט דעם אמת.

ווען אַלע אין הויז זיינען שוין געווען משוגע, האָט מאַשקע נאָך אַלץ ניִשט געוואָלט נאָכגעבן, ער זאָל זיך אַרויסציען פון דאָרט, ערשט ווען אַלע מענטשן האָבן אָנגעהויבן ווייכן פון דעם הויז, ווען קיינער האָט ניִשט געוואָלט אַריינטראָגן אין דעם הויז קיין שפּייז, האָט שוין מאַשקע געמוזט נאָכגעבן און ער האָט זיך אַרויסגעקליבן פון דאָרט, אָבער ניִשט דעם ווייב און ניִשט די קינדער איז שוין בעסער געוואָרן דערפון.

מאַשקע האָט נאָך ניִשט געוואָלט נאָכגעבן. ער האָט די שטיבן פאַרדונגען פאַר אַ גאָר ביליקן פּרייז צו יונגע פאַרפעלקער וואָס זיינען געקומען פון אַנדערע שטעטלעך, טראַכטנדיק, אַז ער וועט באַווייזן, אַז מיט די שטיינער איז גאָרניִשט דערמער, נאָר זיין ווייב איז שולדיק געווען אין דעם גאַנצן אומגליק.

אָבער נאָך אַ קורצער צייט, האָבן אויך די נייע שכנים אָנגעהויבן אַרויסווייזן סימנים פון משוגעת און גאַנץ ראַזוואַדאָוו האָט זיי אָנגעהויבן וואָרענען און זיי זיינען אַרויס פון דעם הויז איבערלאָזנדיק דאָרט זייערע מעבל מיטן גאַנצן ביסל באַלעבאַטישקייט, אַבי ראַטעווען דאָס חיות.

און אַזוי איז דאָס הויז געבליבן שטיין אַ סך יאָרן ווי אַ פאַרשאָלטענע חורבה, און ערשט נאָך צוואַנציק יאָר, האָט מאַשקע געוואָלט איבערבויען, און אַרויסנעמען פון דאָרט די שול־שטיינער, נאָר ווען מעט האָט אָנגעהויבן צעוואַרפן דעם קוימען, האָט מען פּלוצלינג דערזען אין קוימען אַ שוואַרצן הונט.

די אַרבעטער האָבן זיך איבערגעצלמט און ניִשט געוואָלט ווייטער אַרבעטן; זיי האָב בלויז אויף שנעל צוריק פאַרמויערט דעם קוימען לאָזנדיק דאָרט דעם הונט און דאָס הויז איז געבליבן שטיין ווי געווען.

ערשט נאָך אַ סך יאָרן, ווען די גאַנצע משפּחה פון מאַשקע

הירשפעלד דעם תקיפשן ראָש־הקהל איז שוין געווען אויס־געשטאָרבן, נאָר בלויז זרחל איז נאָך אָרום־געלאָפן משוגע־נערווייז, האָט דער מאַגיסטראַט פאַרקויפט דאָס הויז אויף אַ ליציטאַציע פאַר די שטייערן און דער אַפּטייקער האָט עס אָפּגעקויפט און ער מיט נאָך עטלעכע גויאישע שכנים האָבן זיך אַריינגעקליבן דערין.

דערווייל איז נאָך דעם אַפּטייקער אָדער די אַנדערע שכ־נים גאָרנישט געשען, אָבער זיכער וועט עס זיי אויך נישט אַנגיין גלאַטיק, ווייל יידן היטן זיך נאָך עד־היום פאַרביי־צוגיין נאָנט פון דער פאַרשאָלטענער געביידע, פון וועלכע מען הערט נאָך היינט דאָס קרעכצן פון די אַלטע שול־שטיי־נער, וועלכע מאַשקע האָט אַריינגעבויט אין די ווענט...

---

לויט „פנקס גאליציע". אַרויסגעגעבן צום 20־טן אניווערסאַר זייט דער גרינדונג פון גאַליציאַנער פאַרבאַנד. רעדאַקטאַר: נחמיה צוקער. בוענאָס איירעס 1945.
דעם נאָמען מאַשקע הירשפעלד דאַרף מען פאַרריכטן אויף "הערשפעלד".

# עיירתי רוזוואדוב — זכרונות נעורים

**מנחם איזק**

נולדתי ברוזוואדוב בשנת 1904 ובילית בה את תקופת יל־דותי עד שנת 1919, בהפסקה קצרה של כשנה אחת בהתחלת מלחמת העולם הראשונה, שבה התגוררה משפחתי כפליטי מלחמה בבוהמיה. על אף הזמן הרב שחלף מאז, עומדת העיר — ערש ילדותי — כמו חיה לנגד עיני רוחי, כאילו רק אתמול עזבתיה. רוזוואדוב לא הייתה כרך ואף לא עיר ממש. לא היו בה מפעלי תעשייה (פרט למנסרה — „טארטאק" בלע"ז) לא בתי מדות, לא היכלי תרבות ואתרים היסטוריים, גם לא פארקים וגנים, פרט לחורשה של עצי מחט בקצווי ה־עיר ששמשה לתושבי העיר כמקום טיול ובילוי בעיקרל בני הנוער. היא הייתה עיירה שקטה ורדומה שתושביה נאבקו קשה על פת לחם. רוב בנייניה היו בתי עץ פשוטים עם גגות נסרים. רק בכיכר השוק ובעוד 2—3 רחובות סמוכים עמדו בתי אבן ופה ושם גם בית קומותיים.

אבל על עיירה קטנה ורדומה זאת ועל יושביה היה שפוך חן יהודי מיוחד. מרכז העצבים של העיירה היה כיכר־השוק המרובעת ורחבת הידיים שבאמצעה עמד בית המועצה (ראט־הויז). הכיכר הייתה מוקפת מכל עבריה בארבע שורות של בתים וחנויות ובו התרכזו כל חיי המסחר והכלכלה. מקור הפרנסה העיקרי היה יום ג' בכל שבוע, הוא יום השוק או היריד. אז התעוררה העיר מתרדמתה והכיכר המתה מאנשים. האיכרים מכפרי הסביבה: חוז'וויק, בראנדוויצה, פלאב, פשי־סב, טורביה, יאסטקאוויץ, פישניצה ועוד הביאו ליריד מפרי אדמתם ומתוצרת משקיהם והצטיידו בחנויות ובדוכנים היהו־דיים בכל צרכיהם ובבתי המרזח היהודיים בלגימה כהלכה. ההמולה הייתה רבה מן הבוקר עד הערב ואחזו 10 יהודים בידי איכר אחד על מנת לשדלו לבוא אתם לידי גמר עסק. יהודיות מקיפות את האיכרות על להקות התרנגולות, האוו־זים והברווזים, ממששות בהן עד שבוחרות בבעל כנף הראוי לסעודת השבת. אחת חוטפת מן השנייה, קולות הנשים וה־„גויות" מתערבות בזעקות וצריחות בעלי החי והשמחה רבה. ילדי החדר מטפסים על העגלות ומנסים לחטוף תפוח, אגס או כמה שזיפים. האיכרים מצליפים בשוטיהם באויר והילדים נמלטים בבהלה. בחנויות רב הדוחק וגם בעלי הדו־



משה שמואל שלנגר, שמחה וינמאן, חיים משה ווייסל

כנים הארעיים מושכים לקוחות מהגויים ונהנים מפדיון. היריד היה המוסד הכלכלי החשוב ביותר בשביל יהודי העיר והשפיע לרבים פרנסה לכל ימות השבוע. מעניין שבכל ההמולה הזאת לא הייתה שום הפרת סדרים רצינית וז'נדארם אחד ויחיד שהיה מופקד על שמירת הסדר היה ע"פ רוב מחוסר עבודה, פרט למקרה נדיר של איכר שיכור שהיה זקוק ל"הרגעה".

העיר הייתה מיושבת יהודים כמעט ב־100% והנוצרים המעטים, שעיקר עיסוקם היה מכירת „דבר־אחר" לאיכרים ביום היריד, רשומם לא היה ניכר בכלל. נוצרים היו גם פקידי הדואר ובית המשפט, השוטר היחידי שהיה משגיח שלא ישפכו מי־שופכין לרחוב, ו־3 גויי־שבת, יאשעק, פאב־על ואיסקרא שהיו חיוניים ליהודי העיר, כי הם מילאו עוד תפקידים נוספים כגון: הסקת בית המרחץ, נקוי המרחצאות וכו'.

הייתה זאת עיר יהודית במלוא מובן המלה עם חיים יהו־דיים מלאים ותוססים. רוב תושבי העיר היו תלמידי־חכמים וקובעים עתים לתורה. מרכז לימוד התורה היה בית המדרש הגדול, בנין עץ שעמד על יד בית הכנסת הגדול. בבית המדרש לא פסק לימוד התורה אפילו לשעה אחת וקול התורה ונגון הגמרא המלבב בקע ממנו יומם ולילה. קשישים, אבר־כים ובחורים היו מתנצחים שם בהתלהבות בסוגיות הש"ס. מדי פעם בפעם היו מרעננים את גרונם בכוס מי־תפוחים (יבציק) מידי ר' עקיבא יבציק שעמד עם כדו הגדול בקצה




יוצאים מבית המדרש

שולחן אחד, וחוזרים להוויות אביי ורבא. אף בין בעלי המלא־כה נמצאו יודעי ספר ולומדי דף גמרא. אלה שידיעותיהם לא הספיקו ללמוד גפ"ת הסתפקו בפרק משניות ועין־יעקב. גם כמקום תפילה שמש בית המדרש לחלק גדול מתושבי המקום. בימי חול נמשכה תפילת שחרית (מניין אחרי מניין) עד שעת הצהריים. נועם ומתיקות מיוחדת במינה הייתה בתפילות שבת וחג בבית המדרש. שמעתי בימי חיי הרבה חזנים — בהם מפורסמים — אבל תפילה מלבבת כזו של ר' אבל'ה רייך, שכה יצאה מן הלב ונכנסה ללב לא שמעתי מאז עוד. נעימותיו עדיין מהדהדות באזני כשאני נזכר בהן.

ראוי גם לזכור את קריאתו בתורה של ר' סנאל'ה־„פטום" (הוא נקרא בכינוי זה בגלל התלהבותו באמירת פרשת „פטום הקטרת" שבה חזר פעמים מספר בכוונה גדולה על כל מילה, כאילו הוא משתתף בפועל בהקרבת הקטורת בבית המק־ד"ש — בבחינת ונשלמה פרים שפתנו). הייתי אוהב לעמוד על הספסל הסמוך לשולחן הקריאה על יד אבי זקני ר' איצ'ה שוחט ע"ה ולהקשיב לקריאתו הנפלאה, הנקיה, המוטעמת ומלאת כוונה של ר' סנאל'ה.

לפעמים היה עובר לפני התיבה בבית המדרש בעל־התפי־לה של הרבי ר' מנדל שוחט. בקול הבאריטון העמוק, בנעי־מותיו ה„סקרבוביות" ובדביקותו הרעיד את לבות המתפללים.

נוסף על כך שימש בית המדרש גם מעין מועדון חברותי. בין מנחה למעריב, בין מניין למניין ובין לימוד ללמוד היו מתנהלות שיחות רעים במילי דעלמא ווכוחים בפוליטיקה הגבוהה. בזמן המלחמה היו ויכוחים אלה לפעמים סוערים מאד. הרוב היה בעד נצחון אוסטריה וגרמניה — כיאות לנתיניו הנאמנים של הקיסר פראנץ יוסף שהיה נחשב אוהב ישראל, ואילו מיעוט ובראשו ר' חיים איימר צידד בנצחון של בנות הברית אנגליה וצרפת.

בית המדרש, מרכז זה של תרבות יהודית, נשרף כליל יחד עם בית הכנסת הגדול בזמן הכיבוש הרוסי בראשית מלחמת העולם הראשונה, בה נשרפו כמעט מחצית בתי העיר ובתו־כם גם ביתנו. מאז ועד עזבנו את רוזוואדוב התגוררנו ב„שכנות" בביתם של פישל ושפרינצה שטינבוק במרכז כיכר השוק.

את מקומו של בית המדרש אחרי שרפתו לקח בית מדרשו הפרטי של ר' זיסל'ה (הירשפלד) אשר בקצה כיכר השוק. זה היה אמנם מקום קטן יותר אבל האווירה של בית המדרש הישן הורגשה גם כאן, כי רוב המתפללים ולומדי התורה קבעו כאן את מקומם.

זכור לטובה גם בית התפילה הפרטי של ר' שלמה יושה'ס (רוטנברג). ר' שלמה נחשב כגביר העיירה. ביתו הגדול

והנאה עמד בטבור כיכר השוק. הוא ניהל בית עשירים גדול ויחד עם זה היה גם למדן ומוקיר תלמידי חכמים. לבנותיו לקח חתנים עלויים מופלגים מגדולי היחש כגון ר׳ יוסל׳ה תאומים ור׳ אלתר שטיגליץ. זה האחרון אף פרסם בדפוס ספר של חידושי הלכות. ר׳ שלמה היה משכמו ומעלה, בעל הדרת פנים וחזות אומרת כבוד. כיוון שהיה ממתנגדיו של הרבי ברוזוואדוב הקצה בביתו מקום לתורה ולתפילה. הוא בעצמו היה עובר שם לפני התיבה לסרוגין עם ר׳ יעקב געלוואקס. בכל שבת אחה״צ הוא ניהל שולחן למקורביו כמו רבי של חסידים. עונג שבת אמיתי שרר במסיבות אלה, שאליהן נלוותי לפעמים עם סבי ז״ל. כיבוד עשיר מתובל בדברי תורה וזמירות ערבות לאוזן הנעימו את הזמן עד לתפילת מנחה והשאירו עלי, הילד, רושם בל ימחה.

על בית הכנסת הגדול אין לי לומר הרבה, כי לא הייתי ממבקריו הקבועים. זה היה בניין אבנים גדול שכל קירותיו ותקרתו היו מצוירים בכל מיני צורות בשלל צבעים. אני הייתי מתפעל מהציור של הלויתן המחזיק את זנבו בפיו, שהיה מצויר באמצע התקרה מעל הבימה. דומני ששם התפללו בנוסח אשכנז בניגוד לשאר בתי התפילה שבעיר שבהם התפללו בנוסח ספרד. כל החופות בעיר נערכו ברחבה שלפני בית הכנסת ברוב המזן חוגג. בכל חג שמחת־תורה בזמן ההקפות הייתה פורצת שם מחלוקת בעת שצעירים ציונים פצחו בשירת „התקוה", דבר שהיה למורת רוחם של הזקנים.

המרכז הדתי והחברתי הראשון במעלה היה חצר הרבי מרוזוואדוב ר׳ הירש הורביץ ז״ל משושלת רופשיץ ששימש גם כרב העיר. החצר כללה גוש שלם של בתים שכלל את דירת הרבי ומשפחתו ושל משמשיו ואוכלי שולחנו. בית כנסת גדול ובית תפילה, סוכה קבועה ועוד.

אע״פ שאבי וסבי ז״ל נחשבו ל„מתנגדים" הייתי מבקר לעתים עם אחי בבית הרבי ובמסיבות ה„שולחן" שלו.

התפילה מלאת ההתלהבות, הנגונים הערבים של רופשיץ המלהיבים ומרוממים את הנפש (כל זמר, והניגון המיוחד שלו) הן מן החוויות הבלתי נשכחות לכל הנוכחים. מסיבות השולחן אצל הרבי, אמירת התורה, חלוקת וחטיפת השיריים וכל ההוי הקשור בזה, נסכו ממש נשמה יתרה במסובים וגרמו להתעלות נפשית ורוחנית עד כדי ביטול היש.

חינוך הילדים והנוער היה רוב רובו תורני. את ההשכלה הכללית סיפק בית הספר מיסודו של הבארון הירש עד סוף שנת 1914. אחרי כן כשנשרף בית ספר זה במלחמה והפסיק את פעולתו — בית הספר הכללי בהנהלתו של הדירקטור ה־פולני יחימובסקי בעל רגל העץ. חבר המורים בביה״ס הירש: שפינראד, זינרייך וקומיטו היו מן המתבוללים והחינוך היה שם אסימילטורי מובהק. הילדים רכשו שם את הלימודים הכלליים, כתב ולשון פולנית וגרמנית, חשבון וכו׳ ולא הושפעו בכלל מהרוח של בית הספר, בבחינת „ר׳ מאיר, רמון מצא, תוכו אכל קליפתו זרק". ההשפעה הרוחנית הוחדרה בהם ע״י אווירת החדר המסורתי שבו בילו ולמדו ברוב שעות היום ובעונת החורף גם בשעות הלילה. כבר בגיל 3 שנים הובאו הילדים הקטנים לחדר למלמד דרדקי ואילו לבית הספר נכנסו רק בגיל 6, וכמובן גם אז המשיכו ללמוד בחדר עד גיל הבגרות. הם ספגו את החינוך התורני כבר 3 שנים לפני שבאו במגע עם אווירת בית הספר וזה חיסן אותם מכל השפעה זרה. כדאי להזכיר כאן כמה מן המלמדים שהרביצו תורה לילדי ישראל בעירנו: ר׳ מרדכי מלמד (בירנבוים), המלמד האדום (זכור לי רק בכנוי זה), ר׳ נפתלי „מלאך", ר׳ יוסף אביש׳ס (בורגר) המשכיל ובעל התנ״ך בין המלמדים, ר׳ בנימין אדער, ר׳ משה אלעזר המכונה ע״י תלמידיו „בוביק". הוא היה כל כך נאמן במלאכתו שהחזיק את תלמידיו ביום ששי כמעט עד השקיעה עד שהיה בטוח שהם יודעים את פרקם „ישר והפוך". הוא היה ידוע כמתנגד חריף לחסידות ומרגלא הייתה בפומה: „מה זה חסיד? דאס איז אמין וואס פרעסט אליס" (זה סוג חיה שזוללת הכל).

בין המלמדים שלימדו בחורים יותר מבוגרים (כגיל הבר־מצוה ומעלה) ידועים ר׳ משה ביחוצקר, ר׳ אהרן בייקא, ואחרון אחרון חביב ר׳ אהרון קנר, מורי ורבי זצ״ל. הוא היה למדן מעמיק, איסטניס ואנין הטעם. כתלמיד חכם מופלג היה תמיד נקי ומסודר, זקנו ופיאותיו סדורים ולא נמצא רבב בבגדיו. כל דבריו היו בנחת וברוך ומצאו מיד נתיב ללבות תלמידיו שאהבוהו והעריצוהו מאד. את תלמידיו בחר לו בקפדנות. מספרם תמיד היה מצומצם והגיע ללא יותר מעשרה בכל מחזור. הוא לימד גפ״ת ביסודיות והמגמה שלו הייתה להביא את תלמידיו ללימוד עצמי. יחסו אליהם היה חברי ומעולם לא שמענו גערה מפיו. בימי הקיץ היה נוהג לצאת עם תלמידיו לשוח בשדה מחוץ לעיר ולפעמים היה לוקח אותנו לרחיצה בסאן או ב„בעליק". הטיולים האלה היו מתובלים בשיחות שונות בהויות העולם ובדברי תורה שהושמעו ע״י הרבי. כזה היה האיש ואנחנו שזכינו להיות תלמידיו נזכור אותו תמיד בהערצה.

ברצוני עוד להתעכב על המלמד והמורה ר׳ יוסף אבישי׳ס (בורגר). אמנם אני לא למדתי אצלו, אבל היכרתי אותו היטב, כי ביתו היה סמוך לביתנו והייתי לעתים קרובות נכנס לביתו. יהודי גוץ וקצת צולע על ירכו, היה מורה ומחנך כמעט משכיל — דבר נדיר ברוזוואדוב. כמובן גם הוא לימד גמרא, רש״י ותוספות, אבל את עיקר הדגש שם על לימוד תנ״ך, דקדוק, כתב ולשון עברי. זה היה מעין חידוש בזמן ההוא ועורר התנגדות מסוימת בחוגי החסידים. אע״פ

שהיה משלומי אמוני ישראל לא נטש את הקו הזה שלו על אף העוררין שקמו נגדו ונשאר נאמן לשיטתו. בחג הסוכות היה סועד אתנו בסוכתנו והיינו נהנים לשמוע מפיו דברי תורה וחכמה. עודני זוכר את הציורים הנפלאים שהוא ושני בניו הכינו וקשטו בהם את הסוכה לגודל התפעלותנו.

גימנסיה לא הייתה קיימת ברוזוואדוב. אלה שרצו לתת לבניהם השכלה תיכונית — והיו כבר כאלה גם בזמן ההוא — שלחו אותם לגימנסיה לעיר הסמוכה ניסקו או לסמינר המורים בדזיקוב (טארנובז׳ג).

כשהיו סטודנטים אלה באים הביתה בזמן החפש, היו מתגנדרים במדיהם הכחולים המגוהצים, בפסי הכסף והזהב על על דשי מעיליהם וסמלי הגימנסיה על כובעיהם. אנו, ילדי החדר, הסתכלנו בהם בקנאה גלויה ובתוך לבנו הצטערנו שאין חלקנו עמהם. אבל דבר כזה בכלל לא בא בחשבון אז, כי אבותינו וגם רוב האבות בעירנו ראו בסטודנטים אלה כעין פורצי גדר ר״ל.

מקומות בידור לא היו ברוזוואדוב עד הקמת הראינוע בסוף מלחמת העולם הראשונה. הבידור היחידי (מלבד שיחות החולין והוויכוחים בבית המדרש) בשביל האברכים הצעירים היה בסוכנות הממשלתית לטבק (טרפיק) שבה היה נפגשים לפעמים לשיחת רעים ולמשחק השחמט. בערבי חנוכה ו„ניטל״ היו מתכנסות גם כמה חבורות בבתים פרטיים למשחק הקלפים ע״פ רוב ב„קוויטלך״ ז. א. קלפים בלי תמונות.

הייתה קיימת כבר פעילות ציונית מסוימת. חבורה מצומצמת של צעירים עסקה בתעמולה ציונית ואף ארגנו פעם כעין מסיבת „גן״ בחורשה אשר בקצה העיר עם ריקודים, נאומים, הגרלות, פוסטה מעופפת וכו׳. כמה בחורים השתעשעו בדיבור עברי בינם לבין עצמם ואף עשו זאת באופן הפגנתי ב״פאליש״ של בית המדרש. הייתה קיימת גם ספרייה עברית, שגם אנו ילדי החדר שאלנו ממנה ספרים לקריאה. ראשית הכרתי את הספרות העברית החדשה — ספרי מאפו, סמולנסקין, קלמן שולמן, לילינבלום, יל״ג שמספרייה זאת באה.

בשנה האחרונה לשהותי ברוזוואדוב אף התארגנה קבוצה של „פועלי ציון״ ואף גרמה למהפכת חצר ולסילוקו הזמני של ראש הקהל הנצחי ר׳ בער רייך.

על האינטליגנציה ברוזוואדוב של אז אין בידי לומר דבר חיובי כלשהו. כולם, מורי ביה״ס הירש, הרופא ד״ר הוכשטים, העורך דין איזנברג וכו׳ היו מתבוללים גמורים ולא היה להם כל קשר לחיי הקהילה ואנשיה מלבד הקשר המקצועי. לפעמים היו אחד או שניים מהם מבקרים בבית הכנסת ביום הכיפורים וע״פ רוב גם זה לא.

עם סיום מלחמת העולם הראשונה כשהוכרזה הריפובליקה הפולנית העצמאית החלו הפולנים מהסביבה לחוג בימי היריד את עצמאות פולין ע״י פרעות ביהודי העיר, ניפוץ שמשות, שדידת חנויות ובתים והטלת אימה ופחד על רוזוואדוב היהודית. ימי היריד הפכו לסיוט. התארגנה מיליציה יהודית מקרב החיילים היהודים המשוחררים אבל היא פורקה כעבור זמן קצר ע״י השלטונות. זאת הייתה הענגה הכבדה הראשונה שהופיעה מעל שמי רוזוואדוב היהודית וטמנה כבר בחובה את החורבן האכזרי שבא עליה ועל כל יהדות פולין כ־25 שנה לאחר זה.

הייתה הקהילה הקדושה רוזוואדוב, הייתה ואיננה עוד. אנחנו, בניה החיים כיום נזכור אותה ברטט של קדושה, את כל אישיה המופלאים, תלמידי החכמים, החסידים, כלי הקדש שלה, בעלי המלאכה, העגלונים, המלמדים והמורים, הציונים והמשכילים. ונשות החייל שבמסירות נפלאה עמדו לימין בעליהן ויגדלו את בניהן בהקרבה לתורה ולתעודה.

זכרונם לנצח לא ימוש מקרבנו ומבנינו אחרינו.

# מיין שטעטל ראזוואדאוו

**(יוגנט־דערינערונגען 1907—1919)**

מנחם איזאק

איך בין געבוירן אין יאָר 1904 און פאַרבראַכט דאָ מיינע קינדער־יאָרן ביז צום יאָר 1919 — מיט אַן אונטערברעכונג פון איין יאָר, ווען מיין פאַמיליע האָט זיך אופגעהאַלטן אין בעהמען אַלס קריגספּליכטלינגע (1914—1915). כאָטש עס זיינען שוין פאַרפלאָסן אַזוי פיל יאָרן, זיינען מיינע דערינערונגען נאָך פריש און דאָס שטעטל שטייט נאָך ווי לעבעדיק פאַר מיינע אויגן. ראַזוואַדאָוו איז נישט געווען קיין כרך און אַפילו נישט קיין שטאָט. אַ קליין, שטיל, פאַרשלאָפן שטע־

טל; די איינוווינער (צום גרעסטן טייל יידן; די ווייניקע גוישע פאַמיליעס האָבן זיך גאָר נישט אָנגעזען און זיינען געווען בטל בשישים) האָבן געפירט אַ שטענדיקן קאַמף פאַר פרנסה בדוחק. דער גרעסטער טייל פון די הייזער איז געווען פון האָלץ מיט שינדל־דעכער. נאָר אויפן מאַרק־פּלאַץ און אויף 2—3 גאַסן זיינען געווען געמויערטע הייזער און אַפילו איינצעלנע 2 שטאָקיקע געביידעס.

אָבער אויף דעם פאַרשלאָפענעם שטעטל איז געווען אויסגעגאָסן אַ באַזונדערער יידישער חן און עס האָט פולסירט אין אים אַ רייך־גייסטיק יידיש לעבן. דער קוואדראַטישער מאַרק־פלאַץ, וואָס אין זיין מיט איז געשטאַנען דער גרויסער בנין פון ראַטהויז, איז געווען דאָס צענטרום פון שטעטל. יעדן דינסטיק — דעם יריד־טאָג — האָט זיך דאָס שטעטל דערוועקט פון זיין פאַרשלאָפנהייט, און דער מאַרק־פלאַץ איז געוואָרן פול פון מענטשן, יידן און גויים, וועגענער און טישלעך פון כל מיני סחורות. די פויערן פון די אַרומיקע דערפער האָבן געבראַכט זייערע פּראָדוקטן און האָבן איינגעקויפט אין די יידישע געשעפטן זייער באַדאַרף. אויך די יידישע קרעטשמעס האָבן דאַן געהאַט אַ שיינעם פדיון. דער יריד איז געווען דער הויפט־מקור פון פרנסה פאַר די יידן פון שטעטל. און פאַר פילע איז דאָס געווען דער איינציקער מקור. אינטערעסאַנט איז, אַז אין דעם גאַנצן טומל און גערודער זיינען נישט פאָרגעקומען קיין שום שטערונגען פון דער אָרדנונג. אַן איינציקער זשאַנדאַר איז געווען גענוג צו היטן דעם סדר, אויך ער איז מייסטנס געווען אַרבייטסלאָז.

כמעט אַלע בעלי־בתים זיינען געווען לומדים און אַפילו ביי די בעלי־מלאכה׳ס האָבן זיך געפונען נישט ווייניק תלמידי־חכמים. תורה, חסידות, ציוניזם און השכלה זענען געווען אין דעם שטעטל איינס נעבן אַנדערן. אין דעם גרויסן בית המדרש (אויך אַ האָלץ־בנין), וואָס איז געשטאַנען אויף דעם שול־פלאַץ, האָט נישט גערוט דער קול פון תורה ביי טאָג און ביי נאַכט. אַלטע יידן, יונגע־לייט און בחורים האָבן דאָרט באַגייסטערט דיסקוטירט די „הוויות דאביי ורבא" און זיך פון צייט צו צייט דערפרישט מיט אַ גלעזל „יאַבטשיק" פון גרויסן קרוג, ר׳ עקיבא „יאַבטשיק׳ס".

געדאַוונט האָט מען אין דעם בית־המדרש יעדן טאָג ביז איינס אַזייגער מיטאָג (איין מנין נאָך דעם צווייטן). אַ באַזונדערן רייץ האָט געהאַט דאָרט די תפלה שבת און יום־טוב. איך האָב שוין געהערט פיל חזנים און אויך באַרימטע, אָבער אַזאַ האַרציקע תפילה און בעטעמטע נגונים ווי פון אַבאַלע רייך ז״ל, סאַנעלע (נתנאל) האַנפלינג ז״ל און יבדל לחיים ר׳ בער רייך, — וואָס האָבן אַזוי גערעדט צו האַרצן! זייערע מעלאָדיעס און „זאגעכטס" קלינגען נאָך יעצט אין מיינע אויערן — האָב איך אין ערגעץ נישט געהערט.

איך וויל דאָ אויך דערמאָנען דעם בעל־תפילה פונם ראָזוואַדאָוער רבין, ר׳ מענדל שוחט ז״ל (שלאנגער) וואָס האָט מאָנכעס מאָל אויך געדאַוונט פאַרן עמוד אין בית־המדרש. מיט זיין שטאַרקן טיפן באַריטאָן און זיינע סקאַרבאָווע ניגונים האָט ער מיטגעריסן און געמאַכט דערציטערן די הערצער פון זיינע צוהערער אין דער תחינה „וגילו ברעדה".

דער בעל־קורא אין בית המדרש איז געווען אַן אינטע־



חתונה אצל הרב

רעסאַנטער טיפּ. מען האָט אים גערופן סאַנעלע „פּיטום״ (נתנאל בלומאַנקראַנץ). מען האָט אים געגעבן דעם צונאָמען, ווייל ער האָט געדאַוונט מיט אַזאַ כוונה און באַגייסטערונג, באַזונדערס די פּרשה פון קטורת. ער האָט אַ סך מאָל מיט גרויס התלהבות איבערגעחזרט דאָס וואָרט „פּטום הקטורת כיצד״, אַזוי ווי ער וואָלט אַליין געשטאַנען אין בית המקדש און מקריב געווען דאָס קטורת. איך האָב תמיד ליב געהאַט הערן זיין לייענען די תורה, ווען איך בין געשטאַנען מיט מיין זיידן ע״ה אויף דער באַנק נעבן דער בימה.

דער בית המדרש איז נישט בלויז געווען אַן אָרט פון תורה און תפילה. ער איז געווען אויך אַ סאָרט געזעלשאַפט־לעכער קלוב. צווישן מנחה און מעריב און ביי הפסקות פון לערנען האָבן זיך דאָ געפירט אינטערעסאַנטע שמועסן, און עס האָבן זיך געבילדעט פאַרשיידענע „רעדלעך״. מען האָט דיסקוטירט די לעצטע נייעס פון שטאָט און פון וועלט־פּאָליטיק. איך געדענק, בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה זיינען דאָרט געווען צוויי פּאַרטייען. איינע איז געווען זי־כער אַז עסטרייך מיט דייטשלאַנד וועלן געווינען די מלחמה,



יום ג׳ — יום השוק

די צווייטע — בראש מיט חיים איימער, האָבן מיט עקשנות געטענעט, אַז נאָר די אַנטאַנט קען זיגן.

דאָס בית המדרש, דער גייסטיקער צענטער פון שטעטל, איז פאַרברענט געוואָרן בעת דער רוסישער אקופּאַציע צו־זאַמען מיט דער שול און דעם מרחץ, אַזוי ווי עס איז דאַן פאַרברענט געוואָרן אַ גרויסער טייל פון די הייזער פון שטאָט. דעם פּלאַץ פונעם אַלטן בית מדרש האָט נאָכהער פאַרנומען דאָס פּריוואַטע בית מדרש פון ר׳ זיסעלע (הירש־פלד), וואָס איז געשטאַנען אין עק פון מאַרק. דאָס איז גע־ווען אַ קלענערער פּלאַץ, אָבער דער גייסט און די אַטמאָס־פערע פונעם אַלטן בית המדרש האָט זיך אויך דאָ געשפּירט.

געדענקען דאַרף מען אויך דעם פּריוואַטן מנין ביים גביר פון שטעטל ר׳ שלמה יאַשע׳ס (ראַטנבערג). לויט די באַנ־ריפן פון ראַזוואַדאָוו האָט ער געגילטן אַלס אַ גביר אַדיר. זיין גרויס און שיין הויז איז געשטאַנען אין צענטער פון מאַרק. ער איז געווען אַ „שיינער ייד״ מיט אַ הדרת־פּנים, אַ מכניס אורח און האָט געפירט אַ ברייט גביריש הויז. ער איז געווען אַ גרויסער תלמיד־חכם און האָט מכבד געווען תלמידי־חכמים. זיינע טעכטער האָט ער משדך געווען מיט עלויים און מיוחסים, ר׳ יאָסעלע תאומים און ר׳ אלתר שטיג־ליץ (וואָס האָט מחבר געווען אַ ספר פון חדושי הלכות). אַזוי ווי ער איז געווען אַ מתנגד, האָט ער איינגעריכטעט אַ גרויס צימער אין זיין הויז פאַר אַ שטענדיקן בית־תפלה. ער אַליין האָט דאָרט געדאַוונט פאַרן עמוד און אויך ר׳ יעקב געלוואַקס. יעדן שבת און יום־טוב האָט ער געפירט אַ „טיש״ פאַר זיינע אָנהענגער, אַזוי ווי דער רבי. אַן אמתער עונג שבת איז געווען דאָרט. איך האָב זוכה געווען אַלס קינד צוזאַמען מיט מיין זיידן ע״ה, ר׳ איטשע שוחט, זיך משתתף צו זיין ביי דעם „טיש״. אין דער ערשטער וועלט־מלחמה איז דאָס בית־תפילה בטל געוואָרן און ר׳ שלמה איז אַריבער דאַווענען אין זיסעלעס בית מדרש, ווי ער איז גע־ווען דער בעל־מוסף אין די ימים נוראים.

אין דעם גרויסער בנין פון דער גרויסער שול, זיינע אַלע ווענט און דער דעק, געווען באַמאָלן מיט פאַרשיידענע בילדער, וואָס האָבן אָנגערעגט די פאַנטאַזיע פון די קינדער. אַממייסטן האָבן די קינדער זיך באַגייסטערט פון דעם בילד אויף דעם דעק איבער דער בימה וואָס האָט פאַר־געשטעלט דעם לויתן ווי ער האַלט זיין עק אין מויל. דאַכט זיך אַז דאָרט האָט מען געדאַוונט נוסח אשכנז, און אויסנאָם, ווייל איבעראַל אין שטאָט האָט מען געדאַוונט נוסח ספרד. אַלע חופות אין שטעטל האָט מען אָפּגערעכט אויף דעם פּלאַץ נעבן דער שול. שמחת תורה איז דאָרט רעג־למעסיק אויסגעבראָכן אַ גרויסע מחלוקת, ווען די ציוניס־

טישע יוגנט האָט אין מיטן די הקפות אָנגעהויבן זינגען די „התקווה".

דער צענטער פון חסידות איז געווען דער חצר פון ראָז־וואַדאָווער רבי'ן, ר' הירש הורביץ, דער זון פונעם מפורסמ־דיקן ר' משה'לע, אן אייניקל פון ר' נפתלי ראָפּשיצער זצ"ל. אינם רבינס חצר זענען געווען אייניקע געמויערטע הייזער, וואָס האָבן געדינט אַלס דירות פאַרן רבינס גרויסער משפחה, אַ גרויס בית מדרש, אַ סוכה א.א.וו. די התלהבותדיקע תפילה, די זיסע ראָפּשיצער נגונים, וואָס דערוואַרעמען דאָס האַרץ, דעם רבינס „טיש" שבת און יום־טוב, דעם רבינס תורה־זאָגן און דאָס שיריים־כאַפּן איז געווען איינע פון די גרעס־טע דערלעבענישן. ווער עס האָט נישט מיטערלעבט די געוואַלטיקע שמחה און התלהבות ביים רבינס הקפות אין שמחת־תורה — האָט קיין מאָל נישט דערלעבט קיין ריכ־טיקע שמחה.

דער חנוך פון די קינדער איז געווען אין רוח פון תורה אינעם חדר און בית המדרש. די וועלטלעכע בילדונג האָבן די ייִנגלעך דערהאַלטן אין דער באַראָן־הירש שול ביז צום יאָר 1914. נאָכדעם ווי די שול איז פאַרברענט געוואָרן אין דער מלחמה 1914, האָט איר פּלאַץ פאַרנומען די אַלגעמיינע שול אונטער דער לייטונג פון דעם פּוילישן דירעקטאָר יאַ־כימאָווסקי (דער האַלץ־פוס). די לערער אין דער באַראָן־הירש שול שפּינראַד, זינרייך און קאַמיטאַ זענען געווען אויסגעשפּראָכענע פּוילישע אסימילאַטאָרן און ווייט פון יע־דער יידישער קולטור און לעבן. די קינדער האָבן דאָרט באַקומען אַלגעמיינע בילדונג; לעזן, שרייבן אין דייטשער און פּוילישער שפּראַך, חשבון א.א.וו. אָבער זיי זיינען גאָר־נישט באַאיינפלוסט געוואָרן פון דעם אסימילאַטארישן גייסט, וואָס האָט דאָרט געהערשט. דעם גייסטיקן און קולטורעלן איינפלוס האָבן די קינדער באַקומען אינם חדר, וווּ זיי האָבן פאַרבראַכט דעם גאַנצן טאָג, אין ווינטער אויך אַ טייל פון דער נאַכט. אַ באַזונדער דערלעבעניש איז געווען פאַר די קינדער דאָס גיין „ביי נאַכט" אין חדר מיט די לייכטענדע לאַמטערלעך, זינגענדיק דעם באַוווּסטן ניגון פון רבין פון שמחת־תורה.

דאָס קינד האָט אָנגעהויבן גיין אין חדר אין עלטער פון דריי יאָר און האָט געלערנט ביי די פאַרשיידענע מלמדים ביז נאָך בר־מצוה, און שפּעטער אַלס בחור אין בית־המדרש. איך געדענק נאָך אייניקע טיפּישע מלמדים, וואָס יעדער פון זיי האָט געהאַט אַ באַזונדערן צונאָמען: ר' מרדכי מלמד (בעלפאַלעך), דער רויטער מלמד (ער איז געווען באַקאַנט נאָר מיט דעם צונאָמען), רב נפתלי „מלאך", ר' משה־לאַ־זער, וואָס איז געווען אַ באַגייסטערטער שאַך־שפּילער און אַ פאַרברענטער מתנגד (ער פלעגט זאָגן: אַ חסיד דאָס איז אַ מין וואָס פרעסט אַלס). ער האָט אַזוי גרינדלעך מיט זיינע תלמידים געלערנט, אַז פרייטיק נאָכמיטאָג האָט ער יעדן פון זיי פאַרהערט און זיי נישט פריער אַהיימגעלאָזט ביז זיי האָבן די גמרא מיט תוספות פון דער וואָך געקענט „פון פאָרנט און פון הינטן". ר' בנימין עדער, אהרון בייקער, ר' משה ביחאַצקער, ר' ניסן „בעל דרשן" (וואָס האָט יעדן שבת נאָכמיטאָג געהאַלטן פּאָפּולערע דרשות פאַר די פּשוטע יידן), ר' יוסף אבישיס (בורגר) און ר' אהרון קאַנער. זיי אַלע זיינען דערמאָנט צום גוטן. זיי האָבן זייער הייליקע מלאכה דערפילט מיט אמונה און אויפגעשעטלט דורות פון תלמידים, וואָס געדענקן זיי מיט פאַרערונג.

ר' יוסף אבישיס, אַ קליין הינקענדיק יידל, איז געווען אַן אויסנאָם אין ראָזוואַדאָוו. ער האָט נישט נאָר, ווי די אַנדערע מלמדים געלערנט מיט זיינע תלמידים חומש מיט רש"י, גמרא און תוספות, נאָר ער האָט זיי געלערנט בעיקר — תנ"ך, דקדוק און העברעיש אין וואָרט און שריפט. דאָס איז געווען אַ געוויסער חדוש אין יענע צייטן. די חסידים האָבן דערפאַר אויף אים געקוקט קרום.

ר' אהרון קאַנער איז געווען אַ ייד מיט אַ הדרת פנים, אַ גרויסער למדן און מיט גרויסע מענטשלעכע און פּעדאַגאָ־גישע מעלות. זיינע מלבושים זענען תמיד געווען ריין, זיין באָרד שיין געקעמט און קיין פלעק האָט זיך נישט געפונען אויף זיינע קליידער. זיינע תלמידים האָט ער זיך אַליין אויסגעקליבן און זייער צאָל איז געווען באַגרענעצט. ער האָט געלערנט מיט זיי גמרא מיט תוספות און אויך פוסקים מיט אַ גרויסער גרינדלעכקייט, מיט דעם ציל זיי צו ברענ־גען אַזוי ווייט, אַז זיי זאָלן קענען ש"ס און פוסקים לערנען אַליין. זיין באַציאונג צו זיינע תלמידים איז געווען חבריש. קיינמאָל האָט ער נישט געשריגן אויף אַ תלמיד און צו זיי גערעדט תמיד אין אַן איידעלן טאָן. זיינע תלמידים האָבן אים שטאַרק פאַרעהרט, און זיך באַצויגן צו אים מיט גרויס כבוד און ליבע. אין די הייסע זומער־טעג פלעגט ער אַרויס־גיין מיט אונדז שפּאַצירן אויף דער פרייער נאַטור, שמועסנ־דיק אויפן וועג דברי־תורה. אַ סך מאָל איז ער מיט אונדז געגאַנגען צום סאַן אָדער צום בעליק זיך באָדן צוזאַמען.

זיין אָנדענק אַלס לערער, דערציער און איש־המעלה וועט תמיד אין אונדזער דערינערונג לעבן.

אַ מיטל־שול איז אין ראָזוואַדאָוו נישט געווען צו מיין צייט. די וואָס האָבן געוואָלט געבן זייערע קינדער אַ מיטל־שול־בילדונג, האָבן זיי געשיקט אין דער גימנאַסיע קיין ניסקאָ, אָדער אין סעמינאַר אין דזשיקאָוו (טאַרנאָבזשעג). ווען די סטודענטן זיינען אַהיים געקומען אויף די וואַקאַ־

ציעס, שטאַלצירנדיק אין זייערע בלויע געפּרעסטע אוני־פאָרמען און אין די שטייפע היטלעך מיט די גלאַנצענדיקע אפּצייכנונגען פון דער גימנאַזיע און אין די זילבערנע און גאָלדענע פּאַסעקלעך אויף זייערע אוניפאָרמען, האָבן מיר חדר־יינגלעך זיי שטאַרק מקנא געווען און געהאַט גרויס צער, וואָס מיר זיינען נישט זוכה געווען צו דער פּראַכט.

עס האָט עקזיסטירט אַ קרייז פון יונגע־לייט, משכילים, וואָס האָבן דעמאָנסטראַטיוו און דווקא אין פּאַליש פונם בית־מדרש גערעדט נאָר העברעיש. עס איז געווען אַ העברעי־שער לערער, וואָס האָט פאַרשפּרייט צווישן בחורים און מיידלעך די העברעישע שפּראַך און ליטעראַטור. אויך איז געווען אַ העברעישע און יידישע ביבליאָטעק, וואָס איז באַ־נוצט געוואָרן אין גרויסן טייל פון דער יוגנט. די ביבליטע־קארין איז געווען ליפטשע ראַזענצווייג. מיין ערשטע באַ־רירונג מיט דער העברעישער השכלה־ליטעראַטור און די ווערק פון מאפו, סמאָלנסקין, מענדעלע, קלמן שולמן או.ז.ו. איז געווען אין אָט דער ביבליאָטעק. פון צייט צו צייט זיי־נען אָפּגעהאַלטן געוואָרן טעאַטער־פאָרשטעלונגען, פּאַרט־ראַגן פון ציוניסטישע פירער, און אַמאָל אַפילו אַ ציוניסטיש פעסט אין וועלדל, מיט מוזיק, פליענדע פאָסט, טענץ א.א.וו.

נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע איז אין ראַזוואַדאָוו די ציוניסטישע באַוועגונג שטאַרק געוואַקסן. עס האָט זיך געג־רינדעט אַ גרופּע פון פועלי ציון, וואָס האָט אָנגעהויבן שטאַרק טעטיק ווערן אין קהלה־לעבן. און אַ סך יונגעלייט און מיידלעך האָבן אָנגעהויבן מאַכן פּלענער עולה צו זיין קיין ארץ ישראל.

# מיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט

דב בער רייך

ווי דער געוועזענער לאַנג־יעריקער ראש הקהל וראש העיר אין ראַזוואַדאָוו דערלויב איך מיר דאָ אויף אייניקע נאָטיצן.

ביים שרייבן די שורות בין איך ב״ה אַ זקן בעזרת השם עמ״י עשו [עזרי מעם ה׳ עושה שמים וארץ] — איך בין גע־בוירן דעם 3.7.1877 בעיר ראַזוואַדאָוו.

ביים אַלט ווערן 8 יאָר האָב איך געגרינדעט אַ חברה תיקון ספרים אין אַ קלויז בעיר ראַזוואַדאָוו, וווּ עס האָבן מתפּלל געווען בערך 15 מנינים און בתוכם די אמתע פּני העיר. איך בין געוואָרן יושב־ראש פון דער חברה תיקון ספרים. איך האָב א סך אויפגעטאָן. געלאָזט איינבינדן די אַלטע צערי־סענע ספרים און געקויפט אין די מעגלעכע ראַמען נייע.

ביים אַלט ווערן 12 יאָר האָב איך מיסד געווען א מסעדה פאַר אורחי פורחי. ייעדער אָרעמער ייד, וואָס איז געקומען זאַמלען נדבות ל״ע [לא עלינו] אין שטאָט אַריין, האָט איין מאָל באַקומען בחינם אַ מיטאָג פון מילכיקע שפּייזן. אמת קיין גרויסן דאַנק האָב איך פאַר דער מצווה נישט געהאַט; —קאַרגע בעלי־בתים פלעגן מיך אטאקירן און זאָגן, אַז דורך די מיטאָגן קומען מער אורחי פורחי קיין ראַזוואַדאָוו ווי אין אַנדערע שטעט.

ביי 21 יאָר באַלד נאָך מיין חתונה בין איך געוואָרן גבאי אין בהמ״ד הגדול. איך האָב שטאַרק נושא חן געווען ביי די מתפּללים.

ביי 24 יאָר בין איך געוואָרן געמיינדע־ראַט. איך האָב מיך שטאַרק אינטערעסירט, וואָס עס טוט זיך אין דער גע־מיינדע. געזאָרגט, אַז קיין ייד זאָל נישט סעקירט ווערן.

ב־ 26 יאָר בין איך געוואָרן געמיינדע־אַסעסאָר.

ביי 29 יאָר וויצע־בירגער־מייסטער. און וויצע־בירגער־מייסטער בין איך געווען אַ סך יאָרן ביז איך בין געוואָרן ראש העיר. ראש העיר בין איך בלויז געווען איין קאַדענץ. ווייל דער אַנטיסעמיטיזם האָט שטאַרק געוואַקסן און איך האָב נישט געקענט בלייבן זיצן אַלס ראש העיר. האָט מען געוואָלט אויף מיין שטעלע אַ קריסטלעכן ראש העיר אַ טוי־געניכטס און איך בין צוריק געוואָרן סגן ראש העיר און איך האָב ווייטער געפירט דעם אמט אַלס ראש העיר אונטער דעם קריסטלעכן דעק־מאַנטל.

דעם 7־טן יולי 1907 האָב איך געהאַט דעם כבוד ערנאַנט צו ווערן פון דער בעצירקס־הויפּטמאַנשאַפט אַלס רעגי־רונגס־קאָמיסאַר פון דער יידישער קולטור־געמיינדע אין ראַזוואַדאָוו. תיכף נאָכן איבערנעמען דעם אמט פון מיין פאַרגענגער האָב איך צוקאָאָפּטירט צו מיר 8 ביירעטער פון אַלע שיכטן און זיי געבעטן מיר באַהילפיק זיין אום צו קע־נען ברענגען אויף אַ ריכטיקן ניוואָ, די יידישע קהילה, וועל־כע איז געווען שטאַרק פאַרנאַכלעסיקט. פון מיין פאַרגענגער האָב איך איבערגענומען 4 ביכער, אַ סטאַמפּיליע, אַ וועלט

מיט אַקטן געשיקט פון פאַרשיידענע באַהערדן, נישט סאַר־טירטע, אויסגעמישטע, ווי מען זאָגט קאַשע מיט גרויפּן און אַ געלט־סומע פון 9 קראַנען מיט 45 העלער...

אין ראַזוואַדאָוו האָט עקזיסטירט אַ שול, אַ בהמ״ד, אַ קהל־שטיבל, וואָס מען פלעגט אַ יעדן טאָג דאַווענען אינ־דערפרי און אויף דערנאַכט און בפרט אין ווינטער, ווען עס איז געווען קאַלט אין שול, [אין דער שול פלעגט מען נישט הייצן. דאָס איז געווען אַנגענומען אויך אין אַנדערע ישו־בים,] און אויך צוויי פּריוואַטע מנינים.

די אַנגעשטעלטע, וועלכע די קהילה האָט געדאַרפט מפרנס־זיין, זיינען פאָלגענדע: אַ רב, אַ מו״ץ, צוויי שוח־טים, אַ דרדקי מלמד, וואָס האָט געלערנט מיט אָרעמע קינ־דער בחינם (דער מקום פון לערנען איז געווען אין דעם קהל־שטיבל), אַ יידן וואָס האָט געקלאַפּט יעדן פאַרטאָג און גע־וועקט אויפצושטיין לעבודת הבורא. די אַלע מפרנס זיין איז געווען אַביסל שווער, און מער מאָל איז געקומען צו אויפ־רעגונגען פון די באַאַמטע מיט דער קהילה. די הויפּט־הכנסה איז געווען פון דער שחיטה. קיין קולטוס־שטייער האָבן מיינע פאָרגענגער נישט איינקאַסירט. ערשט נאָך אַ פּאָר יאָר וואָס איך האָב אַמטירט אַלס ראש הקהל איז מיר מיט שווערע מי געלונגען מיט קליינע בייטראָגן די בעלי־בתים צו באַלאַסטן.

כידוע איז אין יעדער שטאָט פאַראַנען אַ בית־החיים און דאָס בית־החיים האָט יאָ איינגענומען געהאַט פון אַפּאָר 1000 קראַנען אַ יאָר. און ווו עס איז דאָ אַ בית־החיים, מוז זיין אַ חברה קדישא. אויסנאַמסווייזע אין ראַזוואַדאָוו האָט די חברה קדישא געהאַט אַן עקסטרא פאַרוואַלטונג; אַ פּרע־זעס, אַ וויצע־פּרעזעס, דריי גבאים, אַ גזבר. אַזוי, אַז די הכנסה פון דער חברה קדישא איז נישט אַריינגעקומען אין דער קהל־קאַסע. אויך האָבן מיר געהאַט אַ מרחץ, וואָס קהל האָט פאַרדונגען און גענומען 100 קראַנען אַ יאָר. אָבער דאָס מרחץ איז געווען אַזוי פאַרנאַכלעסיקט, אַז די הכנסה האָט נישט געדעקט די הוצאות, וואָס מען האָט געמוזט אַריינ־לייגן.

ראַזוואַדאָוו איז געווען אַ צימלעך גרויסע קהילה, וואָס בערך 50 דערפער האָט זי געדאַרפט צו באַזאָרגן מיט אַ שו־חט, מיט מצות אויף יומ״ט פּסח. א.א.וו. צווישן די דערפער איז געווען איין דאָרף כמעט ווי אַ קליין שטעטל גרעמביוו, מיט בערך 100 יידישע פאַמיליעס. און דאָרט האָב איך אָ־ריינגעזעצט אַ סטאַבילן שוחט, געבויט אַ מקווה, עס זאָל הערשן טהרת משפחה, אַ בית־המדרש, באַזאָרגט מיט מצות. אַזוי ווי ס׳רוב איז געווען אָרעם, האָט די קהילה געמוזט ביישטייערן צו די הוצאות, עס זאָל זיין אַלעס בסדר.

### אַ פּורים אין שטעטל

פּורים איז אַ יעדער בעל־הבית, ווי ער זאָל נישט זיין באַ־שעפטיקט, אויב עס איז אים נאָר מעגלעך, קומט צו זיך אַהיים „להיות כל איש שורר בביתו״. אָבי היקר ר׳ לייביש רייך ז״ל, וואָס האָט געהאַט שטאַרקע באַשעפטיקונג, איז געקומען לביתו פּורים אינדערפרי און איז מיט אונדז קינ־דער געגאַנגען צו דער מגילה. אין דער קלויז, ווו מיר האָבן געדאַוונט איז געלעגן אַן אַלטער ייד קראַנק פאַר דעם אוי־וון, אַ ייד אַ זקן מיט אַ שניי ווייסער באָרד, וואָס האָט קוים געאָטעמט. — גלייך ווי מיין ג.[אָט] ז.[עליגער] טאַטע האָט געזען דאָס בילד און דערפאַרן, אַז דער ייד ליגט שוין אַזוי אַ 14 טעג, איז ער אַרויפגעגאַנגען אויף דעם באַלעמער און געגעבן אַ קלאַפּ און געזאָגט: מען וועט נישט לייענען די מגילה, ביז מ׳וועט נישט דאָ אין קלויז צוזאַמען שטעלן אַ גרעסערע סומע פאַר דעם ייד, מען זאָל אים קענען דינגען עפּעס אַ דירה. אין דער דאַמאַלסדיקער צייט צו באַקומען אַזאַ האַלב צימער איז נישט געווען קיין פּראָבלעם. — דער טאַטע האָט נאָך צובאַמערקט: וויפל דער גרעסטער עושר וועט געבן צו דעם צוועק, וועל איך געבן דאָפּילט. אַ 70% פון די מתפללים האָבן שטאַרק אונטערשטיצט דעם אנטראָג פון אָבי היקר ז״ל ובפרט „עמך״, און ריכטיק פאַר קריאַת המגילה איז אָבי היקר ז״ל אַרויפגעגאַנגען אויף דעם באַלע־



ראש הקהלה בכיכר השוק, דוב רייך מימין, מרדכי הופרט משמאל

מער — אַ טעלער איז שוין געווען פאַרבאַרייטעט — און אַבי ז״ל האָט געבעטן די מתפללים זאָלן זיך באַטייליקן מיט נתינות. — יעדר האָט אַריינגעלייגט אין דעם טעלער כפי יכלתו — און עס איז געפאַלן אַ סומע צירקא 80 גילדן. בשעתו איז דאָס געווען אַ גרויסער בייטראַג. גבאי אין דער קלויז איז געווען דאַמאָלסט אַן איש מכובד מיטן נאָמען שמחה אראטן ז״ל; אים האָט מען איבערגעגעבן דאָס געזאַמלטע געלט און די מיסיאָן צו שאַפן אַ דירה א.א.וו. באַלד האָט זיך געמאָלדן אַ ייד, אַז ביי אים איז דאָ אַזאַ האַלב צימער פאַר דעם יידן. אויך וועט מען דעם קראַנקן באַדינען. ער איז מיט דעם גבאי פאַרטיק געוואָרן, אַז תיכף נאָך דער סעודה ד.ה. אקעגן 1 אַזייגער וועט מען דעם קראַנקן ייד אַריבערפירן אין זיין דירה. דער גבאי ז״ל מיט דעם משמש און דעם בעל אַכסניאַ זיינען געגאַנגען אין קלויז אַריין איבערצופירן דעם קראַנקן. דער קראַנקער ייד האָט געשטעלט אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד, נישט געלאָזט זיך נעמען פון זיין געלעגער מיט די ווערטער: „מיר איז דאָ גוט, וואַרעם" א.אז.וו. די יידן האָבן אים גענומען מיט כוח און אַריבערגעפירט. דער גבאי ז״ל איז נאָכער געגאַנגען דאָס געלעגער צו באַזייטיקן — האָט ער צו זיי גרעסטער שטוינונג געפונען אונטער דעם ליינטוך אַ סומע פון 650 גילדן. דאָס געלט איז געווען שוין האַלב צעריבן, נאָר פון אורין פון קראַנקן ייד. אַנטקעגן 2 אַזייגער, ווי מיר זיינען געזעסן ביי זיך אין דער היים ביי דער סעודה, קומט אַריין דער גבאי ז״ל צום טאַטן ז״ל מיט אַ שמייכל און מיט אַ רוף „אַ גוטן פורים, אַ גוטן פורים, ר' לייביש". דער טאַטע ז״ל האָט אים מכבד געווען מיט כיבוד, ווי פורים מיט כ״ט [כל טוב]. דער גבאי ר' שמחה ז״ל האָט אַרויסגענומען פון זיין טאַש די סומע וואָס ער האָט געפונען אין בעט פון קראַנקן ייד: אויך איז געווען צווישן דעם געלט זיין נאָמען און אַן אַדרעס פון זיין היים. — מען האָט באַלד פאַרשטענדיקט זיין פאַמיליע. געקומען איז קיין ראַזוואַדאָוו זיינס אַ זון. דער קראַנקער האָט נישט מער לאַנג געלעבט. אַלס יורש האָט דער זון איבערגענומען המותר, וואָס איז געבליבן פון די 650 גילדן, געלאָזט צוריק ביים גבאי אַ סומע אויף צו שטעלן אַ מצבה. וזה הוא. יתן ד' עס זאָל זיין בלע המות לנצח. אמן.

### חברה קדישא

די שווערסטע אויפגאַבע האָב איך געהאַט אַלס יו״ר פון דער חברה קדישא אין די יאָרן 1908—1909, ווען דער משמש פון דער חברה האָט מיר געמאָלדן, אַז אויף דעם בית־עלמין איז נישטאָ מער קיין פּלאַץ און מען מוז זאָרגן צו קויפן אַ פעלד און אויסצובררייטערן דאָס בית־החיים. פעלדער צו קויפן האָט נישט געמאַנגלט. עס איז אָבער נישט געווען ניחא צו עפענען אַ פרישן בית־החיים. נעבן דעם עקזיסטירנדיקן בית־החיים איז געווען בערך ¾ יאָך פעלד, וואָס עס איז געווען זייער פאסנד און איך האָב פאַרשיידענס אָנגעווענדט פאַר אַ מעגלעכן פרייז דאָס שטיקל פעלד צו קויפן. דער אייגנטימער איז אָבער געווען אַ גרויסער אנטיסעמיט און האָט נישט געוואָלט צו דעם צוועק דאָס שטיקל פעלד פאַרקויפן. מיט שווערער מי און מיט פאַרשיידענע פראַטעקציעס איז מיר געלונגען, אַז דער באַצירקס־הויפּט מאַן האָט דאָס שטיקל פעלד ענטאייגנט און מען האָט פון דעם צוגעקויפטן שטיקל פעלד צוזאַמען מיט דעם אַלטן בית־החיים געמאַכט איין בית־החיים. ריכטיק זיינען די ¾ יאָך פעלד ווערט געווען פון 6—800 קראָנען און לויט שאַצונג אום צו ענטאייגנען האָבן מיר געמוזט באַצאָלן 2.600 קראָנען. ליידער, ליידער זיינען היינט די ביידע בית־החיים'ס נישט צו דערקענען. עס געפינט זיך נישט קיין איין מצבה און דאָס פעלד איז באַלייגט מיט באַן־שינעס.

### די באַהן אין ראַזוואַדאָוו

היינט אין ראַזוואַדאָוו אַ קנאָטען־פונקט. ביז צום יאָר 1882 איז בכלל דאָ קיין באַן נישט געווען. איך געדענק גאַנץ גענוי, איך בין דאַמאָלס אַלט געווען 4 יאָר, ווי מען האָט אָנגעהויבן מאַכן אַ באַן־ליניע פון דעמביץ ביז ראַזוואַדאָוו. מיר קינדער פון שטעטל האָבן פאַרברענגט אונדזערע פרייע צייט נאָר אויף דער שטעלע, ווו מען האָט געאַרבייט די באַן־ליניע, דאַמיט מיר זאָלן קענען זען, ווי



תחנת הרכבת ההרוסה במלחמת העולם הראשונה על ידי חיילים אוסטריים

די אַרבייט געהט צו. די אַרבייטער האָבן אונדז נישט געש־
טערט דאָרט זיין און מיר קינדער פון דער גאַנצער סביבה
האָבן מיט אַלע כוחות צוגעהאָלפן ביי דער אַרבייט. די שי־
נען זיינען שוין געלעגט געוואָרן פּראָוויזאָריש און עס זיי־
נען געווען אַזעלכע באַן־וועגעלעך, וואָס זיינען געווען צו־
געפּאַסט, זיי זאָלען קענען פאָרען אויף די שינעס. האָבן מיר
אַרויפגעלייגט פאַרשידענע טיילן אויף די וועגעלעך און צו־
געפירט אויף שטעלן, ווו מען האָט אונדז באַאויפטראַגט.
איינמאָל פרייטיק, אין אַ הייסן זומער טאָג, ווי מיר האָבן
זיך געבאָדן אין סאַן, האָט זיך געהערט אַ שטאַרקע סירענע,
אַ פייף פון אַ לאָקאָמאָטיוו. — עלטערע מענטשן וואָס זיי־
נען שוין געפאָרן מיט דער באַן פון דעמביץ אין דער ריכ־
טונג קראָקאָוו אָדער לעמבערג, האָבן געוווסט, וואָס די סי־
רענע באַדייט און האָבן צווישן זיך געשמועסט: אָט איז
שוין אַ באַן אָנגעקומען. מיר, קינדער, זיינען אַרויס פון וואַ־
סער און געכאַפּט אויף זיך דאָס העמדל; באָרפוס, נאַקעט
געלאָפן מקבל פנים זיין די באַן. איך בין געלאָפן מיט אַלע
כוחות און אויף דעם וועג האָב איך מיך אָנגעטון. אָבער
בלויז ביז צו די שיך. מיט די שיך אין דער האַנט בין איך
גליקלעך אָנגעקומען צו דער שטעלע, ווו די לאָקאָמאָטיוו
איז געשטאַנען. אונדזער שמחה האָט נישט געהאַט קיין גרע־
נעץ. בערך מיט 30 יאָר שפּעטער האָט מען ווידער אָנגע־
הויבן בויען אַ באַן פון ראַזוואַדאָוו קיין פּזשעוואָרסק, ביי
דעם בויען האָבן די קינדער שוין דאַמאָלס נישט געהאַט
אַזאַ שטאַרקן אינטערעס, ווייל די באַן איז שוין נישט געווען
קיין חידוש. לעצטנס איז דאָ געווען אַ קנאָטן־פּונק. שנעל־
ציגער האָבן דאָ קורסירט;לעמבערג—וואַרשע, לעמבערג—
לאָדזש א.א.וו. און בכלל איז ראַזוואַדאָוו געוואָרן מפורסם
דורך דער באַן. עס האָבן זיך געשאַפן האָטעלן, יידישע און
קריסטלעכע נעבן דער באַן. מערערע יידישע משפחות האָבן
דערפון געהאַט פרנסה.

### די וואַלן צום עסטרייכישן פּאַרלאַמענט

אין יאָר 1907 זיינען פאָרגעקומען אַלגעמיינע רייכראַטס־
וואַלן צום עסטרייכישן פּאַרלאַמענט אין עסטרייך־אונגאַרן,
בוקאָווינע און גאַליציע. לויט דעם נייעם געזעץ, וואָס קיסר
פראַנץ יוסף האָט אַרויסגעגעבן, איז יעדער בירגער, וועלכער
איז נישט באַשטראָפט געוואָרן, שטימבארעכטיקט, אָנגע־
הויבן פון 24 יאָר; און יעדער בירגער פון 30 יאָר ולמעלה,
וועלכער איז נישט געשטראָפט, קען קאַנדידירן און געוועלט
ווערן אַלס רייכסראַט־אָפּגעאָרדנטער. קאַנדידאַטן צום רייכ־
סראַט אין אונדזער וואַל־קרייז זיינען געווען בלויז 2, אַ
יידישער מיטן נאָמען ר׳ גדאַלטשע שמעלקעס ז״ל אַב בי״ד
אין דער שטאָט פּשעמישל והסביבה, אַ זון פון באַקאַנטן
גאון וגדול הדור, דעם בעל מחבר פון „בית יצחק״, ר׳ יצחק
שמעלקעס ז״ל אַב בי״ד לעמבערג והסביבה — און דער
צווייטער קאַנדידאַט איז געווען אַ קריסט אַזוי גערופענער
רעגירונגס־קאַנדידאַט, מיטן נאָמען ד״ר מיכל באַבזשינ־
סקי־עקסעלענס, געהיים־ראַט לאַנדעס־שול־ראַט א.א.וו. עס
האָט געהייסן, אַז קיסר פראַנץ יוסף האָט זיך געאייסערט,
אַז ער ווינטש זיך, אַז ד״ר באַבזשינסקי זאָל געוויילט ווערן.
יעדער קאַנדידאַט איז אַרומגעפאָרן אין דעם וואַל־קרייז,
וועלכער איז באַשטאַנען פון 8 שטעט אום צו האַלטן זיין
קאַנדידאַטן רעדע. — דער ערשטער איז געקומען קיין ראַז־
וואַדאָוו דער רעגירונגס־קאַנדידאַט ד״ר באַבזשינסקי. גע־
קומען איז ער אין באַגלייטונג פון באַצירקס־הויפּטמאַן, זיין
פאַרטרעטער, דעם שטייער־אינספּעקטאָר, דעם באַצירקס־
אַרצט „פיזיק״, באַצירקס־וועטערענער, דעם שול־אינספּעק־
טאָר, דעם באַצירקס פּאָליציי קאָמענדאַנט א.אז.וו. די חשו־
בע געסט זיינען מיטגעקומען אָנציוואַרפן אַ פּחד אויף די יי־
דישע וויילער, אַז זיי זאָלן אָפּגעבן זייערע שטימען אויף
דעם רעגירונגס־קאַנדידאַט ד״ר באַבזשינסקי. צו האַלטן זיין
קאַנדידאַטן־רעדע האָט מען פאַרבאַרייטעט דעם „סאָקאָל״.
פיין דעקאָרירט. אָבער אין „סאָקאָל״ איז געקומען אַ קליינע
צאָל יידן, די זאָ גענאַנטע „מאַשקעס״.

מיט אַ קליינע פּאָר טעג שפּעטער איז אָנגעקומען דער
יידישער קאַנדידאַט הרב שמעלקיס ז״ל, געקליידעט אין זיין
נאַציאָנאַלער טראַכט: אַ זיידענע בעקישי מיט אַ זיידענעם
כאַלאַט, מיט אַ ברייטן גאַרטל און אַ סאָבל־קאָלפּאַק, אין
באַגלייטונג פון אַ קליינער צאָל ידידים זיינע, אָנגעזעענע
אינטעליגענטע יידן. דאַקעגן ביי דער באַן האָבן אים ער־
וואַרטעט, דעם חשובן הרב שמעלקעס ז״ל, כמעט 90% פון
די יידישע וויילער, אויך מערערע קריסטן אויס נייגיריקייט
צו זען דעם יידישן קאַנדידאַט. ווען דער צוג איז נאָך נישט
געווען אויף דעם ריכטיקן אָרט, האָבן זיך שוין געהערט
קולות: „האָך שמעלקעס״, „זאָל לעבן דער יידישער קאַנ־
דידאַט״. — אויס פּחד פאַר דער בעהערדע האָט דער ראש
הקהל נישט ערלויבט, אַז הרב שמעלקעס ז״ל זאָל האַלטן
זיין קאַנדידאַטן־רעדע אין בית המדרש. — אַזאַ גרויס לאָקאַל
אין אַ פּריוואַט־וווינונג אַפילו פאַר 50% פון די, וואָס האָבן
געוואָלט הערן די קאַנדידאַטן־רעדע, איז נישט געווען... —
הרב האָט קורץ גערעדט אין אַ פּריוואַט־וווינונג, דאַקעגן
האָט ער פאַרשפּראָכן אויף פאַרלאַנגען, וועט ער קומען נאָך
אַמאָל. — מיט דעם גרעסטן כבוד אין באַגלייטונג פון הונ־
דערטער יידן מיט רופן „האָך שמעלקעס״ האָט מען אים צו־
געפירט צום באַנהויף און ער האָט אָפּגערייזט,—די פני העיר

האָבן זיך געווענדט צום ראָש הקהל אויך צום באַצירקס־הויפּטמאַן, אַז מען זאָל ערלויבן דעם הרב שמעלקעס ז״ל דאָס בית־המדרש, ער זאָל קענען האַלטן זיין קאַנדידאַטן־רעדע, שווער אָבער דאָך האָט מען ערווירקט ביים באַצירקס־הויפּטמאַן, אַז דער ראָש הקהל זאָל דערלויבן דאָס בית־הכנסת צו דעם צוועק. דער יידישער וואַל־קאָמיטעט, וואָס האָט עקזיסטירט, האָט תיכף איינגעלאַדן הרב שמעלקעס ז״ל. זיין אָנקונפט איז אויף דעם זעלבן אופן פאַרגעקומען ווי ביים ערשטן מאָל: מיט קולות „יחי — זאָל לעבן דער יידישער קאַנדידאַט" די קולות האָט מען געהערט אויף אַ מרחק גדול — און גלייך פון דער באַן איז מען געקומען אין בית־הכנסת, ווי עס איז געוועלט געוואָרן אַ יושב ראָש צו פירן די פאַרזאַמלונג. ראָש הקהל אין שטעטל ראַזוואַדאָוו איז דאַמאָלסט געווען דער באַקאַנטער איש מכובד דער גרויסער נדבן ז.[עליקער] ירחמיאל קאַנארעק ז״ל. אום צו שטערן די אָרדנונג זיינען אויך געקומען די זאָ גענאַנטע „מאַשקעס", ווען איינער האָט געשטעלט דעם אָנטראָג, אַז יו״ר פון דער פאַרזאַמלונג זאָל זיין אַדון קאַנערעק, האָבן זיך געהערט 100־ערטער שטימען: ניין, ניין, „פּרעטש קאַנארעק", און אַנשטאָט דעם נדבן איז געוועלט געוואָרן אַ קריסט, אַ ריכטער, מיטן נאָמען „צעלנער" — דער ג. ז. ירחמיאל קאַנארעק ז״ל האָט זיך געפילט שטאַרק געטראָפן. — ער האָט רעזיגנירט אַלס ראָש הקהל פון דער שטאָט ראַזוואַדאָוו און אַ פּאָר יאָר האָט קיין ראַזוואַדאָווער ייד פון דער שמעלקעס־פּאַרטיי נישט געוואַגט צו קומען צום אַדון קאַנארעק, נאָך יאָרן און מיט פאַרשיידענע פּראָטעקציעס האָט מען געווירט ביים ג. ז. קאַנארעק ע״ה, ער זאָל פאַרגעסן, וואָס עס איז פאַרגעקומען. וכך הווה: אין ראַזוואַדאָוו האָט הרב שמעלקעס ז״ל געהאַט אַן ערך 80% יידישע שטימען; אין די אַנדערע שטעט גאָר קליינע פּראָצענטער, און געוויילט איז געוואָרן מיט אַ מערהייט ד״ר באַבזשינסקי, — ראַזוואַדאָווער יידן האָבן שטאָלצירט מיט זייער יידישן און ציוניסטישן גייסט; און טראָץ דעם וואָס הרב שמעלקעס ז״ל איז נישט געוויילט געוואָרן, האָבן זיי נישט באַדויערט, וואָס זיי האָבן זייערע שטימען אָפּגעגעבן דעם חשובן יידישן קאַנדידאַט להרב ר׳ גדאַלטשע שמעלקעס ז״ל.

# בחירות נוסח גאליציה

אליעזר חסיד

בעשור שלפני המלחמה העולמית הראשונה שונו דברים רבים בעיירתנו, הוכנסו שיפורים ניכרים ששיוו לה מראה נעים יותר. ודאי יש עוד מי שזוכר בשנים הראשונות של המאה הזאת את הביצות שכיסו חלק גדול של השוק, ולא רק בסביבת המשאבה הגדולה וברוב הרחובות, או את התעלות העמוקות שהיו בצדי כמה מהרחובות. כל אלה הרי נעלמו. כיכר השוק רוצפה כולה, וגם רוב הרחובות ומדרכות תוקנו. הערב בו הודלקו הלוקסים הראשונים בככר השוק היה מאורע בעיירה, והוא נשאר בזכרון כל הילדים כשם שנחרת בזכרונם מכוניתו הראשונה של הנסיך לובומירסקי אשר בעברו ביעף את העיירה, השאיר חומר לדמיונם ולשיחותיהם של יושבי הקרנות. אחר כך תוקנו לוקסים גם ברחובות והוקפד מאוד על הניקיון בעיירה.

היו לא מעטים שזקפו את ההתפתחות בעיירה לזכותו של הקומיסאר הממשלתי לניהול העיירה. הלה היה לפעמים לא מתושבי העיירה ומתוך שהיה ממונה לתפקידו על ידי השלטונות, לא חשש מפני מה יאמרו האזרחים, לא היה לו כל פחד פן לא יבחרו בו שנית, ויכול היה להרשות לעצמו להגדיל את התקציב לכיסוי השפורים וגם לקבוע קנסות על עברות על הנקיון.

וקומיסאר ממונה על ידי השלטונות היה מקרה לא נדיר ביותר, לא בעיריה ולא בוועד הקהילה היהודית. כזה מונה תמיד אחרי שנפסלו הבחירות והיה עליו לשאת במשרה עד עריכת הבחירות החדשות. כי החוקה האוסטרית קבעה עתים לבחירות, ואלה נתקיימו אמנם במועדן, אלא שלרוב נתגלו בהן זיופים וסילופים שבעקבותיהן נאלצו השלטונות לבטלן. כי לכן יצאו מוניטין לבחירות הגאליצאיות והיו ל„שם דבר".

הרקע לסילופי הבחירות היה מדיני ומקורו בהרכבה הדמוגראפי והלאומי של אוכלוסיית גאליציה. ההפרש בין האוכלוסיה הפולנית והרוטנית (האוקראינית) היה כשלש מאות וחמשים אלף (3,700,000 פולנים לעומת 3,350,000 רוטנים) והאוכלוסיה היהודית של קרוב לתשע מאות אלף נפש, יכלה להכריע את כף המאזניים. לגאליציה כמו ליתר ארצות המונרכיה האוסטרו־הונגארית הייתה אוטונומי־

מסויימת. הסיעה הפולנית בפרלמנט האוסטרי (רייכסראט) שהייתה תמיד בקואליציה עם מפלגות השלטון הגרמניות, קיבלה כתמורה לכך את מנגנון השלטון הארצי בגאליציה. כל פקידי הארץ, החל מהנציב העליון בלבוב דרך מושלי המחוזות וכל יתר מוסדות הממשלה היו פולנים. כך הייתה השפה הפולנית השפה הרשמית בכל המוסדות ובכל בתי הספר הנמוכים כגבוהים. בכדי להצדיק את שלטון הפולנים היה הכרח להוכיח כי יהודי גאליציה תומכים במדיניותם וקשורים בתרבותם. אילו היו יהודי גאליציה מתאחדים עם הרותנים והיו משתמשים בשפתם היה נשמט הקרקע עליו התבססה האוטונומיה הפולנית. לכן השתמשו הפולנים בכל האמצעים בכדי להוכיח כי האוכלוסיה היהודית מרגישה את עצמה כשייכת לאומה הפולנית ושפתם היא פולנית. מטעם זה לא יכלו להכיר באידיש כשפה, ואסור היה להצ־היר עליה כעל שפת אם בספירת האוכלוסין, וכל מי שעבר על האיסור הזה והעיז להכריז על אידיש כשפתו — וכך עשו יהודים לא מעטים — נקנס על ידי השלטונות.

בכדי להשפיע על היהודים, אם על ידי תעמולה ואם על ידי אמצעי שכנוע לא כשרים ביותר, שיצהירו תמיד על פול־ניותם, היה עליהם למצוא שליחים ברחוב היהודי. תמורת טובות הנאה גלויות ומוסוות בכל הצורות, מצאו להם הפול־נים בכל קהלה „מושקה" כזה. „מושקה" נקרא על ידי היהו־דים הלאומיים כל יהודי „מה־יפית", רודפי שררה אלה שעשו שרות זה לפולנים. לרוב הם גם לא היו מתבוללים ולא פעם אף לא ידעו פולנית כהלכה, אך חלף מילוי השלי־חות הפולנית הזאת, קבלו את כל השליטה ברחוב היהודי. מאליו מובן כי בידי היהודים האלה נמסר השלטון בכל מוס־דות הקהילה היהודית והם, ורק הם, יכלו להבחר לשליחיה ולנציגיה של האוכלוסה היהודית במוסדות הכלליים.

אך הרי החוקה האוסטרית הייתה דמוקראטית ואת הבחי־רות חייבים היו לקיים במועדן, חיפשו וגם מצאו יהודים אלה תחבולות מתחבולות שונות בכדי לעקוף את חוקת הבחירות ולעשותה פלסתר. בזכרוני נשארה אחת מהתחבולות האלה: כרגיל חייב החוק לפרסם את רשימת בעלי זכות הבחירה זמן מסויים לפני הבחירות, והזכות ניתנה לערער על זכות בחירה שניטלה מאת מישהו או שניתנה למישהו שלא כחוק. הרשימה הייתה מוטלת לעיון במשרדו של ועד הקהלה. ומתוך שמשרד זה היה בביתו של ראש הקהלה דאג הלה שבשעה שנפתח המשרד ישבו שם כמה מאנשי שלומו והם החזיקו בידיהם את הרשימות עד עבור שעות העבודה של המשרד ואנשי האופוזיציה שבו כלעומת שבאו, מבלי שניתנה להם האפשרות להעיף עיניהם ברשימת הבוחרים.

פעם אחת נתייאשו מנהיגי האופוזיציה מלהגיע באופן לגאלי לעיון ברשימת הבוחרים והחליטו להגיע לכך בדרך לא רשמית. היות והעתק אחד של רשימת הבוחרים נשלח גם למינהל המחוז שהיה בטארנובז'ג, הכשירו את הקרקע לקבל שם העתק מהרשימה ההיא. ביום הראשון בשבוע, ביום שמשרדי מינהל המחוז היו סגורים, נסעו מנהיגי האופוזיציה זיסלי הרשפלד ובצלאל שטורך (ידוע היה יותר בעיירה בשם בצלאל קערבערס) לטארנובז'ג, וברכבת שלאחר הצהרים חזרו כשבידם ההעתק המבוקש. לא עברה שעה ארוכה עד שבאו ז'נדרמים לערוך חיפוש בביתו של צלאל קערבערס. למזלו נמסר לו בהקדם, שראו את ראש הקהילה הולך בדרך לז'נדרמריה. הרשימה הוצאה מן הבית בעוד מועד קטעים קטעים שנמסרו לידי בניו של שמחה פלומין שכניו, על מנת להעתיקם ולשרוף את המקור שהובא מטארנובז'ג. נקל לשער את הגורל שהיה צפוי לבצלאל אילמלא דאגו מראש להעל־מת הרשימה, וההעתק היה נמצא על ידי הז'נדרמים בחיפושם המדוקדק שארך שעות.

ברור שהרשימה הייתה מאוד לקויה בחסר ויתיר. האפש־רות לכך ניתנה על ידי שרוב היהודים היה להם יותר משם פרטי אחד ולא קשה היה לעשות מבוחר אחד שניים, או ע"י שינוי השם הראשון בשני. אפשרות שנייה ניתנה על ידי שמות המשפחה המרובים בתוספת רֶקְטֶה, פֶּלְזֶה או פל, שנגרמו על ידי כך שרוב היהודים נמנעו אז מלהינשא ני־שואים אזרחיים והסתפקו בחופה וקידושין על ידי הרב; ככה נמשכו שיבושי שמות המשפחה כמה דורות כי ברשי־מות האזרחיות שמות אבותיהם ולעתים גם שמות אבות אבותיהם היו אחרים מהשמות שבהם היו ידועים לצבור. „טעויות" למכביר היו בשמות תושבי הכפרים שהיו שייכים לקהילתנו.

קל להבין כי גם אחרי שהוגשו עררים לא באו הדברים על תקונם. גם בוועדת העררים ישבו רק אנשי שלומו של ראש הקהלה ותמיד מצאו נימוקים פורמליים או אחרים לדחות את העררים של אלה שידעום כמתנגדיהם ולטהר רק את אלה שבטחו בנאמנותם או בפחדם מפני פרנסי הקהילה. אין צורך לומר כי בבחירות כאלה נבחרו רק מאנשיהם. וכאן החלה פרשת עררים בשלטונות. הפרשה הזאת ממושכת הייתה ב־יותר. לא מפני שחסרו נימוקים שקולים לפסילת הבחירות, לא היו בחירות שאי אפשר היה להוכיח כי השתתפו בהן בפועל אנשים שמתו לפני כמה שנים או אנשים זהים בש־מות כפולים. העררים שהוגשו על ידי האופוזיציה היו מנומ־קים היטב וחוברו לרוב על ידי יוסף או חיים אימר בנו ובצלאל שטורך שהיה נציג מוכר על ידי הצעירים כי ביתו וחנותו שבשוק שימשו להם בית ועד (גם מפני שבנו יענקל ה"ה סוכנם של כל העתונים העבריים ושל העתונות הציונית

בכל השפות ותמיד אפשר היה למצוא משהו מיוחד לקרוא ולהתווכח עליו). הסחיבות נעשו במכוון על ידי השלטונות, כי כל הסילופים האלה נעשו בידיעתם ובעידודם. והרי לא היה אמצעי שלא היה כשר בעיניהם בכדי להילחם בתנועה הלאומית היהודית (דוגמא אחת שנעשתה קלאסית: משלא הייתה להם כל אפשרות חוקית לסרב לתת רשיון להרצאה או לאספה ציונית, הם אמנם נתנוהו אלא שרגילים היו „לטעות" במספר הבית שבו מותר היה לקיים את האספה על ידי שהפכו אחת מהספרות שבמספר. הורשה למשל להת־אסף בבית מספר 248 במקום 284, והרשיון נתקבל ברגע הא־חרון כשלא הייתה כבר כל שהות לקבל את התקון). ולכן השהו כל האינסטנציות הארציות את העררים עד כמה שרק יכלו ולרוב מצאו גם תואנה לדחותה ואז היה הכרח להגיש ערר למיניסטריון הפנים בווינה, שלא פעם עמד בראשו פו־לני. ערר כזה הצריך עבודה מרובה כי היה הכרח לסתור את כל נמוקי הדחיות. לעתים הכיל ערר כזה עשרות עמודים כתובים גרמנית, כי נאלצו להסתמך על הסעיפים השונים בחוקת הבחירות שעליהם ביססוהו.

הטיפול באינסטנציות השונות נמשך זמן רב מאוד ואם לבסוף בוטלו הבחירות ע"י משרד הפנים, הרי ראש הקהלה מונה לקומיסאר על ידי השלטונות ועליו הוטל לערוך את הבחירות החדשות. הנה כי כן התחילה כל הפרשה מראש, וככה לא עלה בידי האופוזיציה, חרף ערנותה ופעילותה הר־בה, לכבוש את הקהילה עד סוף מלחמת העולם הראשונה.

# לא התנצלות — הסברה

א. ח־ד

בבואנו להציב ציון לעיירתנו בספר, עלינו להשיב על שאלה שבודאי תישאל על ידי רבים מקוראיו: איך זה ייתכן שב־עיירה תוססת חיים ציוניים כעיירתנו, לא עלה בידי הלאו־מיים לכבוש את הנהלת הקהילה היהודית, וזו נשארה נחלתם הבלעדית של ה„מושקים" עד מלחמת העולם הראשונה. הרי בבחירות לרייכסראט האוסטרי בשנת 1907 קיבל המועמד הציוני, הרב שמלקס, כ־63% של כלל הבוחרים, לעומת 37% שקיבל המועמד הפולני פרופ' בובז'ינסקי. גם אם צוד־קים המניחים שהיו כמה פולנים מתקדמים שהעדיפו להצ־ביע בעד המועמד היהודי, שגם אם הוא רב הוא מתקדם יותר מהמועמד הפולני שהיה שייך למפלגה שמרנית, מספ־רם בודאי לא עלה על מספר אצבעות יד אחת. אפשר בכן להגיד ללא כל חשש של הפרזה שלמעלה מתשעים אחוזים של יהודי רוזוואדוב הצביעו בעד המועמד הלאומי, וזה למ־רות התעמולה הרעשנית של ראשי הקהילה ושל השידולים של הרבי. הפליאה תגדל עוד יותר אם נזכור שבכל גאליציה המערבית לא הקיפה אז תנועת התחייה את שכבות הנוער כמו ברוזוואדוב. בעיירות היו אמנם פה ושם ציונים, אבל תנועה לא הייתה באף עיירה. כזאת הייתה אמנם בערים הגדולות כמו טארנוב וז'שוב, אך גם שם היא לא הייתה נחלת כל השכבות. בית הספר העברי היה לו שם טוב ותל־מידיו וביחוד תלמידותיו הלכו ורבו; הספרייה שרתה בספ־רות עברית ויידיש רבים מהנוער המקומי, נוסף על אלה שיכלו וגם רכשו ספרים בכספם; העתונות הלאומית הייתה נקראת על ידי רוב הנוער החל מ„טאַגבלאַט", „ווסחוד" הפו־לני ו„יידישה צייטונג" הגרמני שהיו כלי מבטאם של המרכז הציוני במדינה, „די וועלט" וכמעט כל העתונות העברית שבכל הארצות; הרבה עשרות חברים היו בסניף המקומי של ההסתדרות העולמית של דוברי עברית „עזרא" ואת צל־צול השפה אפשר היה לשמוע מפי עשרות לא מעטות בחוצות העיירה; אספות, מסיבות והצגות נערכו על ידי האגודה „בני יהודה" ומסיבת־יער שנערכה משכה מבקרים מעיירות וערים בגאליציה, פעילות ציונית ומגביות לקרן הקיימת ל־ישראל נערכו בכל הזדמנות. אי אפשר בכן להגיד שהנוער שקט על שמריו ולא החשיב את ערכם של המוסדות.

ואין לשכוח שבין הצעירים היו כוחות תרבותיים פעילים שלא היו מהססים ולא היו מתעצלים להרתם לכל פעולה צבורית. אך לא רק בדור הצעיר היו ששאפו לכיבוש המוס־דות, רבים מבעלי הבתים בעיירה השתייכו לתנועה הלאו־מית והיוו אופוזיציה פעילה להנהגה ה„מושקית" של הקהי־לה וגם לא התביישו להידברות עם הצעירים. די אם נזכיר את שמות הפעילים ביניהם: זיסלי הרשפלד, יוסלי תאומים, חיים יעקב רוטנברג, הרמן זילבר, בצלאל שטורך, יוסף איימר, אברהמלי בירנבוים, חיים וולף בירנבוים. היו גם אחרים שעודדו אותם בפעולתם האופוזיציונית, ביניהם כל בני משפחת שמחה פלומין הענפה.

ואם בכל זאת לא הצליחו מאמצי השנים של האופוזיציה להחליף את ראשי הקהילה בנציגיה האמתיים של האוכלוסייה היהודית, הרי זה בעטיים של שלשה גורמים:

(1) היקפה הגיאוגרפי של הקהילה ברוזוואדוב;

(2) חוקת הבחירות הנחשלת של הקהלה;

(3) גיבוי השלטונות הפולניים לסילופי הבחירות של ה„מושקים".

1. הקהלה היהודית כללה מלבד יהודי העיירה גם יהודים שישבו בעשרות כפרים שבסביבה ומוסדות הקהילה שרתו גם אותם, ומובן שהם שילמו מסים לקהילה והיו שותפים בבחירות לוועד הקהילה. היו כפרים שישבו בהם כמה עשרות משפחות יהודיות, אך היו ביניהם גם כאלה אשר בהם ישבו משפחות יהודיות מועטות. הצד השווה שביניהן שענייני הקהילה ואופן הנהלתה רחוקים היו משטח התעניינותם. לעיירה היו באים לעתים רחוקות, בעיקר לפני החגים בכדי להתפלל בציבור, לשלם את מסיהם או להביא דורונות לכלי הקודש (לכן קראו להם „לעזשילקעס", כנראה על שם הפרי שהיה מאוחסן טרם גמר בישולו והיה מוטל שם הרבה זמן עד שהובא העירה, ובדומה לו היו היהודים הכפריים שרויים בכפר זמן רב עד שהגיעה נסיעתם העירה). היו אמנם מצעירי הכפר שלמדו בעיר והיו מעורים בתנועה הלאומית יחד עם בני העיר וגם לקחו חלק לא מבוטל בפעולה התרבותית של העיירה, אך יוצאים מן הכלל אלה יצאו ללמד על כלל צעירי הכפרים שאת תנועת התחיה לא ידעו. מגעיהם של יהודי הכפרים עם מוסדות הקהילה היו בעיקר בארועי שמחה או תוגה כגון לידה, ברית מילה, נשואין או קבורה, וטבעי הוא הדבר שהיו נתונים להשפעה מסויימת לנושאי המשרות במוסדות האלה: הרבי, השוחטים ומוהלים, ועד הקהילה, חברה קדישא וכדומה.

2. זכות הבחירה לועד הקהילה לא הייתה דוגמת הזכות לבחירות לפרלמנט שהיו כלליות, חשאיות וישירות ונתונה לכל בוגר שהיה נתין המונרכיה האוסטרית; היא הייתה מותנית בתשלום מס בגובה מסויים לוועד הקהילה. חוקה זאת פתחה פתח לראש הקהל להעדיף את אלה שחפצו ביקרו ולקפח את אלה שהכירם כמתנגדיו. עד כמה שגדולה הייתה דאגתו להכנסות הקהילה, הייתה דאגתו לכסאו גדולה יותר, ומצפונו לא נקפו כשראה אפשרות לוותר על מסיהם של אלה שידעום כאופוזיציונרים, כשההפסד לא היה מרובה ביותר. כך אפשר גם לשער שידע לפצות את אנשי שלומו כשהיקנה להם זכות בחירה על ידי התשלום המינימלי.

3. אך היות וגם ביצוע הבחירות היה בידיו, ובידעו שאנשי השלטון הפולנים עניין לאומי ממדרגה ראשונה היה להם שבראש הקהל יעמוד יהודי המתכחש ללאומיות היהודית, ועל ידי כך הוא מצרף את כל יהודי הקהלה שהוא מייצגם ללאום הפולני — לא היה גבול לתככים ולתחבולות על מנת לסלף את הבחירות ולזייף את הצביון הלאומי של רוב רובם של יהודי העיירה. מול ברית לא קדושה זו של הלאומיים הפולנים עם ה„מושקים" היהודים, התנפצו כל מאמציהם של בעלי ההכרה היהודית הלאומית להגיע לשלטון בקהילת רוזוואדוב.

# ערינערונגען

אברהם אויסאיבל (אמעריקע)

איך וועל נישט רעדן וועגן די צייטן פון קריגערייען צווישן די קלויזנער און דעם רבס (אָדער רבינס) אָנהענגער; אויך ניט וועגן די קריגערייען צווישן די צווייַ רבנישע דינאַסטיעס פון דזיקאָוו (טארנאָבזשעג) און ראָזוואַדאָוו; אַפילו נישט וועגן דער שטראָף וואָס דער ראָזוואַדאָווער רב האָט אַרויפגעלייגט אויף ר׳ איטשע שחט, מיט דעם, וואָס ער האָט געאַסרט זיין שחיטה, וויל ער האָט געבראַכט זיינע חלפים צו דורכקוקן צו אַ רב, וואָס איז נישט געווען פון ראָזוואַדאָוו, און אַזוי אַרום באַצוועקט אָוועקצונעמען זיין פרנסה. ער וואָלט דאָס געווען דערגרייכט, ווען נישט די בעלי־בתים, וואָס זיינען וויליק געווען צו עסן „צוצו" און האָבן זיין שחיטה יאָ געגעסן. איך וועל אַפילו נישט רעדן וועגן קהל און געמיינדע־וואַלן־קאַמפּיינס, וואָס זיינען אָנגעגאַנגען צווישן אַנשל צאַנגען ע״ה אָדער שפּעטער בערל רייך און די קאָאַליציע פון זיסעלע הערשפּעלד ע״ה און אַברהמעלע בירנבוים ע״ה, צווישן וועלכע איך האָב מיטגעאַרבעט ווי אַ סאָרט „פּאַרטיזאַנער" אָדער „אונטערגרונט", כאָטש איך האָב דאַמאָלסט געאַרבעט פאַר ד״ר אייזנבערג, אַ פּאַר־בינדעטער (פּאָליטיש) פון בערל רייך. (דאָס וועט זיכער זיין נייעס פאַר ר׳ בערל רייך.)

איך וויל דאָ בעסער דערציילן וועגן עפּעס אַזוינס, וואָס וועט מעגלעך פאַר אייך זיין פון קליינער באַדייטונג, אָבער וואָס איך קאָן קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

וויפל פון אייך געדענקען דאָס קליינע שמשל ? (טיילמאָל פלעגט ער נבואה זאָגן ווי צ. ב. ווען אַ קריג וועט אויסברע־כן, אָדער ווען משיח וועט קומען). אָבער זיין אַרבעט, זיין הויפּט־אויפגאַבע איז געווען, אַרומצוגיין איבער דער שטאָט, נאָך האַלבער נאַכט און קלאַפּן מיט זיין קורצן שטעקן (איך האָב עס גערופן „פּאַפּערעפּוי״) אין אַלע יידישע טויערן אָדער טירן און וועקן זיי צו עבודת הבורא.

אין די וואַרעמע זומער־נעכט, אַזוי ווי אין די זייער פראָס־טיקע ווינטער־נעכט, פלעגט ער אַרומגיין אין דער טיפער נאַכט און קלאַפּן אין די טירן און וועקן.

אַזוי פלעג איך אים הערן, ספּעציעל אין די פראָסטיקע ווינטער־נעכט, ווען איך האָב נישט געקענט גוט שלאָפן צוליב די קעלטן ; צווערשט — ווען נאָך פונדער ווייטנס — זייער שטיל האָב איך געהערט דאָס קלאַפּן און קוים גע־הערט זיין אויסרופן „שטייט אויף לעבודת הבורא״, דאָס איז געוואָרן וואָס אַמאָל שטאַרקער און שטאַרקער, ביז ענד־לעך ער איז שוין צוגעקומען צו אונדזער טיר ; דאַן האָב איך שוין געהערט דאָס שטאַרקע קלאַפּן און די אויסרופן מיט זיין יאָמערלעכער שטימע **„שטייט אויף לעבודת הבורא״.**

איך האָב נאָך אַלץ ווייטער און ווייטער געהערט דאָס קלאַפּן און ווידער און ווידער דאָס אויסרופן פון קליינעם שמשל, אָבער דאָס קלאַפּן און אויסרופן איז געוואָרן וואָס אַמאָל שוואַכער און שוואַכער ביז די שטימע האָט זיך פאַר־לוירן אין דער טיפער נאַכט אַריין.

אָבער דאַן — אַפילו ווען מען האָט שוין דאָס קלאַפּן און אויסרופן נישט געהערט — ווער האָט שוין געקאָנט איינש־לאָפן ?

# ראַזוואַדאָוו אין אנהויב פון 20־טן יאָרהונדערט

בעזשע רייך

אין אָנפאַנג פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, ווען די השכלה־באַוועגונג האָט גענומען זיך אויסשפּרייטן אויף די מערב גאַליצישע שטעטלעך, האָט אויך אַ קליינער פונק זיך אַריינ־געכאַפּט אין ראַזוואַדאָווער בית המדרש. פון אַ יידישער אָדער העברעאישער צייטונג האָבן אפשר יחידים געהערט, נעמלעך וועגן דעם „מחזקת הדעת״, וואָס בעלזער חסידים האָבן אַרויסגעגעבן. וועלטלעכע נייעס זיינען געקומען פון דער ווינער פרעסע, וואָס עטלעכע רייכע כלה־מיידלעך, געדערכנט זיך פאַר אינטעליגענטע, האָבן בשותפות געלייענט צוליב די ראָמאַנען וואָס האָבן זיך דאָרט געדרוקט אין פאָרטזעצונגען. זיי האָבן שוין געוווּסט פון שילערס „רויבער״, „קאַבאַלע און ליבע״, ראָמאַנטיש פאַרליבט געווען אין „ווערטערס ליידן״ פון געטע. אין יענע צייטן איז דאָס געווען אַ סגולה צו אַ רייכן יחוסדיקן שדוך, וואָס האָט אין איינוועגס געמיינט צו שטאַרקן דעם פאָטערס קרעדיט, וואָס האָט שטאַרק געהינקט נאָך אַ צווייטן באַנקראָט. פון יהודה לייב פרץ אָדער דוד פרישמאַן האָבן זיי גאָרנישט געוווּסט. אויך די בעל־בתישע בחורים האָבן וויייניק געלייענט, זעלטן געלייענט פון „קהל החסידים מעשה פון ג׳ אחים״ אָדער גלאַט אַ מעשה־ביכל געקויפט אין בית המדרש פון אַ מוכר־ספרים׳ניק, וואָס ער האָט פאַרקויפט אויף די טישן אינאיי־נעם מיט סליחות און ציצית. די בחורים זיינען מייסטנס גע־ווען סתם ליידיקגייער, וואָס זיינען געשלאָפן אין גרויסן טאָג־אַריין, שפּעט געגאַנגען צום דאַווענען אין קהל־שטיבל, אָנגעטאָן די תפלין און געשמועסט ברבים שטעטישע נייס־לעך מיט נישט וויייניק רכילות. זיי זיינען געווען בקי, ווער עס האַלט ביי באַנקראָט, ווער עס עסט „צוצו״, ווער עס עסט „מיצו״. ראַזוואַדאָוו האָט אין יענע יאָרן געהאַט די באַקאַנטע חלול־מחלוקת, ווען דער רבי ר׳ הערשעלע ז״ל האָט געאַ־סרט ר׳ איטשע שוחטס שחיטה, און אַ סך בעלי בתים, דאָס רוב דזיקיווער חסידים, האָבן דווקא געגעסן פון ר׳ איטשע שוחטס שחיטה, זיינען זיי גערופן געוואָרן „צוצו״־עסער (אַזאַ חזירישער טיטל). זיי האָבן אַפילו געוווּסט אין וועלכע טעפּלעך פון „מוצו״ האָט אַ צוציסט בגנבה אַריינגעוואָרפן צוצו פלייש רחמנא לצלן ; דערציילט פון אַלע שפּיצלעך וואָס איין צד פלאַנט קעגן צד השני, זיי פלעגן רעדן פון אַלע סטראַטעגישע פּלענער פון דער רוסיש־יאַפּאַנישער מל־חמה, געוויזן אויף דער האַנט מאַנזשוריע, פּאָרט אַרטור, וואָס די יאַפּאַנער האָבן צוגענומען פון פּאַני (רוסלאַנד) און דערביי האָבן זיי געשמאַק געגעסן פרישע קעז־קיכלעך אָדער

יאָגדע־קיכלעך, וואָס מיר חדר־יינגלעך האָבן געמוסט גיין קויפן פאַר זיי ביי דער לאָמער לאה (זאלץ), כדי מיר זאָלן מעגן הערן די אינטערעסאַנטע מעשיות, וואָס שמעון ראָזענצווייג ע״ה, יענקל ראָזענבוים און אַנדערע האָבן דאָס דערציילט. דעם צווייטן האַלבן טאָג זומער האָבן זיי פאַרברענגט ביים סאַן אָדער ביים בעליק געוויזן קונצן ביים שווימען אָדער גאָר געשפּילט אין קרענגעל אויפן באַרג אָדער אין קאָרטן. ווינטער האָט דער עולם טאָג און נאַכט געשפּילט אין פערבעל אַפילו אין ווייבערישן בית המדרש להבדיל אין מרחץ, און בין מנחה ומעריב געטשעפּעט מיט זלקה. אויך איז ביי זיי געווען אַ נייעס גיין ערוואַרטן די באַנען, וואָס זיינען אַדורכגעגאַנגען, זיי האָבן געקענט אַלע קאָנדוקטאָרן, וואָס נעמען אין דער יד אַריין, מיט דער לאָזונג „בגפו יצא״ (נישט נעמען קיין בילעט), זיי האָבן ליב געהאַט צו וואַרטן ביי דער פּאָסט אויף דעם בריווטרעגער; אַ פּנים געהאָפט צו קריגן ביי אים די ערוואַרטעטע ישועה.

אין דער זעלבער צייט האָט ראָזוואַדאָוו פאַרמאָגט אַ גייסטיקן צענטער פון תורה, חכמה און נגינה, וואָס קיין שום שכנותדיק שטעטל האָט זיך נישט געקאָנט גלייכן צו אונדזער בית המדרש, וואָס דווקא דאָרט האָבן די יונגעלעכע פאַרנומען דעם גייסטיקן אויבן־אָן, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַ סך גייסטיקע ריזן, ווי משהלע לוזערס (רייך), אייזיק מאַנדל ע״ה, העשל קאַנער ע״ה און שפּעטער לוי צאַנגען און נאָך און נאָך. זיי זיינען געווען פון די ערשטע אין ב״ת המדרש, וואָס האָבן אויפגעכאַפּט די שיינע דערהויבענע טענער וואָס דער נייער יאָרהונדערט האָט מבשר געווען. אונטער זייער השפּעה האָבן מיר, דער יונגערער דור, שפּעטער זיך צוגעגרייט צו דער נייער עפּאָכע מיט דעם גלויבן אין אַ שיינעם יידישן קולטורעלן מאָרגן.

געווען אין ראָזוואַדאָוו נאָך אַזאַ סאָרט יוגנט, וואָס זעלטן עס איז צו טרעפן אין יידישע שטעטלעך. דאָס זיינען געווען זין פון די עקסטרעמע חסידישע היימען, וואָס זיי האָבן זייערע יוגנט־יאָרן געלעבט אין דער סביבה פון רב׳ס הויף. זיי האָבן געהאַט די מעגלעכקייט צו זען אַ סך נישט שיינע זאַכן, אַפילו אַליין געווען אַריינגעשלעפּט אין טייל אינטריגעס, וואָס מען האָט דאָרט געשפּינען קעגן דעם רב׳ס געגנער, אַליין מיטגעהאָלפן אונטערשטעלן אַ פּיסל די דזשיקיווער, פּלאַנצשער חסידים, אַנטיילגענומען אין דער צוצו מוצו פּרשה, געזונגען סערענאַדעס אונטער איטשע שוחטס פענסטער דאָס באַקאַנטע לידל: „נאָר געלעבעט מיט צוצו״, זיי זיינען געווען כל ולך מיט די יונגע רבצינס, געוווסט פון אַלע קיצלדיקע הויף־סודות און אויך באַלאַנגט צו דער הויף־קאַפּעלע מיט דוד נטע פּערלמאַן ע״ה בראָש, וואָס האָבן אונטערגעהאַלטן דעם רב די סקאַרבאָווע נגונים על פּי נוסח ראָזוואַדאָוו, ראָפּשיץ און מחוץ לתחום האָבן זיי געמאַכט לצנות פון גאַנצן הויף־התנהגות. זיי זיינען פּשוט געווען פאַרפּלאָנטערט אין ספקות והתרוצצות פון קדושה מיט עזות, התלהבות מיט הלצה און אפשר טאַקע דערפאַר זיינען זיי אַרויס שפּעטער אַמביציש קאַלירפול און האָבן סוף כל סוף געפונען די אמתדיקע קוואַל פון אַ גייסטיקן שעפערישן אויפשטייג ווי ס׳האָט געפונען מאיר מוהר, אנשל כץ, יצחק שעכטער, שלמה קלינקופף ע״ה און מלך יהודה זאַלץ ע״ה וואָס האָט זיין קינסטלערישן טאַלאַנט ענטוויקלט ביי מאַכן די פייגל און אושפּיזן פאַר דעם רב׳ס סוכה.

פון אַ יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין מערב־אייראָפּע, וואָס האָט שוין געקעמפט און געחלומט די גרויסע סאָציאַלע חלומות, האָט דער ראָזוואַדאָווער אַרבעטער ווייניק געוווסט, די בעלי־מלאכות מיט זייערע אַרבעטער געזעלן האָבן נאָך געאַרבעט צו 16 שעה אַ טאָג ביי די מאַשינען אין וואַרשטאַטן. די געזעלן נישט גאַנץ זאַטע האָבן געשטילט דעם אַפּעטיט זייערן מיט זינגען ימים־נוראים׳דיקע תפילות, אַ ליד פון דרייפוס, אָדער פון מאַריס ראָזענפעלד אַרבעטער־לידער, וואָס סאַנע האקל ע״ה האָט פון ערגעץ געגנאַשט. ער האָט שוין בכלל געהאַט אַ נייגונג צו סאָציאַלע ליטעראַטור. דער יידישער אַרבעטער האָט געלעבט מיט חלומות פון אַ שיפסקאַרטע קיין אַמעריקע אָדער צו געווינען די גרויסע טערנע אויף זיין לאָטעריע צעטל, וואָס ער האָט געהאַלטן אין איין קויפן אולי ירחם. דער אַרבעטער מיט בעסערע מעגלעכקייטן האָט צוביסלעך אויסגעוואַנדערט אין פאַרשיידענע מקומות, ווו מיר האָבן נאָך אַ טייל פון די אַמאָליקע עמיגראַנטן געטראָפן אין אַמעריקע צופרידענע, וואָס דער גורל זייערער האָט פאַרשוינט זייערע קינדער פון דייטשע גאַזקאַמערן.

באַלד האָט אויך אין ראָזוואַדאָוו גופא אַ בלאָז געטאָן אַ פרייש ווינטל מיט סמנים פון אַ שענערן מאָרגן. אין יאָר 1907 האָט דער קייסער פראַנץ־יוסף פּראָקלאַמירט פרייע וואַלן צום עסטרייכישן פּאַרלאַמענט אין ווין, האָט דער יידיש־נאַציאָנאַלער צענטראַל־קאָמיטעט באַשטימט אין אונדזער וואַל־קרייז אינאיינעם מיט די 7 שטעטלעך (נישט קיין דערפער) : מעליץ, דזשיקיוו, רודניק, ניסקאַ, לעזשענסק, קאַלבושאָוו אין סאָקאָלאָוו, אַלס קאַנדידאַט דעם באַקאַנטן מזרחי־פירער, דעם פּשעמישלער רב גדליהו שמעלקעס ז״ל. פּלוצלונג איז געקומען אַ סוף צו אַלע איבלדיקע פּריווילעגירטע הערשנדע קלאַסן אין ראָזוואַדאָוו. פריער האָט אַ סתם שול־ייד אָדער אַן אַרבעטער נישט געהאַט קיין שום דעה אין שטעטישע ענינים. איצט איז ער אויך אויסגעוויילט געוואָרן

פאַר אַ וואַל־קאָמיטעט־מיטגליד, וואָס דאַרף אויך געבן סמכות די קאנדידאטן. די קהל־מענטשן מיט דעם ראָש הקהל אַנשל צאנגען ע״ה בראש, מיט בער רייך, וואָס האָט שוין דאַמאָלסט געקוואקעט צו ווערן זיין ממלא־מקום, זיי האָבן געוואָלט האָבן דעם אַרבעטער צו כשרן זייערן קאנדידאט, וואָס די ראַדע פאָלסקע האָט אויפגעשטעלט, מיכאל באָבזשינסקי, דעם שפּעטערן לעמבערגער וואָיעוואַדע שטאַטהאַלטער, מיט אַלע מיטלען, מיט געבן פּריי צו טרינקען, ווי אין די אַלטע צייטן. עס האָט אָבער זיי נישט געהאָלפן, ווייל אַלע בעלי בתים פון אַלע קרייזן זיינען געווען פּאַרייניקט צו שטיצן נאָר דעם הרב שמעלקעס קאַנדידאַטור, אונטער דער פירערשאַפט פון הרב יוסף תאומים ע״ה, ר׳ בעריש וויינמאַן ע״ה, אַשר רובין ע״ה, ברוך שמידט ע״ה, אַברהמעלע בירנבוים ע״ה און איסר גאָלדפאַרב ע״ה, וואָס האָבן מיט מסירות נפש און מיט די שטאַרקע כוחות פון דער יוגנט בכלל געקעמפט פאַר זייער קאַנדידאַט. די יוגנט האָט דערפילט, אַז דער קאַמף איז נאָר דער אָנפאַנג פון אַ נייער ערע. עס וועט נויטיק זיין נאָך אַ סך צו קעמפן מיט די עסקנים, וואָס האַלטן זיך ביי אַלטע מעטאדן און ווילן נישט זען, דאָס זייער צייט גייט אַוועק אין די אייביקייטן, און עס איז כדאַי צו פּרווון די יוגנטלעכע כוחות איצט. בפרט האָבן זיי געהאַט די שטיצע פון די מאַמעס, וואָס זיינען געווען די גרעסטע אָנהענגערס פון שמעלקעס, במילא האָבן שוין די טאַטעס אַליין נישט געקענט אַ סך שטערן זייערע גאַר נייע דרכים. ווידער האָט לעמבערג אַריינגעשיקט כסדר מאַסן וואַל־פּראָפּאַגאַנדע, ציוניסטישע ליטעראַטור מיט בראָשורן, דער עולם האָט געשמאַק געלייענט דאָס ציוניסטישע „לעמבערגער טאָגבלאַט" דעם ליבעראַלן, „מאָניטאָר פּאָלסקי" אַרויסגעגעבן פון אַן אוהב ישראל מיטן נאָמען ברייטער, וואָס האָט אין פּאַרלאַמענט פּאַרטיידיקט יידישן אינטערעסן. יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק זיינען געקומען פאַרשיידענע רעדנער מיט געשליפענע צינגעלעך. די יוגנט האָט אויפגעכאַפּט נייע ווערטער, וואָס רייצט יוגנט־געפילן, וואָס שטרעבן צו אַ בעסער שיינער יידיש לעבן און ווערן געשטערט פון פאַנאַטיקער וואָס סטראַשען מיטן כח פון סטאַראָסטע און אַמאָל אויך מיט זשאַנדאַרן, למשל זשאַנדאַרן זיינען דורך אַ ווונק פון קהל באַפאָלן אַ גרופּע יוגנטלעכע, וואָס זיינען געגאַנגען דעם ערשטן טאָג שבועות מעריב דאַוונען, און זיך לוסטיק געמאַכט שרייענדיק „האָך שמעלקעס", דערפאַר האָט מען אַרעסטירט איינעם פון די שענסטע יוגנטפירער, באַגלייטער פון הרב שמעלקעס, זיסל שמידט ע״ה, און נאָך אַ יוגנטלעכן (זיין נאָמען געדענק איך נישט) און צו מאָרגנס, דעם 2־טן טאָג שבועות אינדערפרי, זיינען זיי געפירט געוואָרן אונטער אויפגעשפּיזטע באַגנעטן קיין טאַרנאָברזשעג. דאָס האָט אויפגעשטורמעט גאַנץ טאַרנאָבזשעג, אַזוי דאָס דער סטאַראָסטע האָט זיי געהייסן באַלד באַפרייען. אָדער נאָך אַ חוצפּה, וואָס אַ ביטערער מה־יפית־יידל פון יענע צייטן, ער זאָל מיר דאָרט מוחל זיין, איז אומשטאַנד געווען אָפּצוטון: בעת שמעלקעס האָט געהאַלטן זיין קאַנדידאַטן־רעדע אין ראָזוואַדאָוו און אויך קריסטלעכע שטעטישע וועלכער זיינען אים געקומען הערן, האָט ער געשריגן ציניש אַזוי די ערלים זאָלן הערן: ג..דאַלע שמעלקעס! מיט אַזעלכע נידעריקע מיטלען האָבן זיך באַנוצט אין יענע צייטן די עם־אַרצישע עסקנים, אָבער זייער כוח איז דאַמאָלסט געבראָכן געוואָרן אַדאַנק דער ראָזוואַדאָווער יוגנט. ראָזוואַדאָווער יידן האָבן דעם ערשטן נאַציאָנאַלן חוב דערפילט, כמעט 80 פּראָצענט האָט געוועלט יידיש, חוץ די קהלניקעס און עטלעכע פון רב׳ס נושא כלים און די שומרי הסף זיינע, וואָס האָבן אַלע אויך באַקומען אין יד־אַריין פאַר וועלן באָבזשינסקין, וועלכער איז געוועלט געוואָרן דורך טעראָר און שוחד און וואָס די אַנדערע שטעטלעך האָבן נישט געקענטביישטיין דעם נסיון. דערפאַר איז ראָזוואַדאָוו געוואָרן דאַמאָלסט אַ שם דבר אַדאַנק די אַלע בחורים פון יענער צייט, וואָס האָבן מער קיין חשק געהאַט צו גיין צוריק צו די אַלטע פּאָזיציעס, נאָר גלייך נאָך די וואַלן געגרינדעט די „בית יהודה" מיט הערמאַן זילבער ז״ל אַלס פּרעזידענט. דער אָנפאַנג איז נישט געווען דערפאָלגרייך, ווייל עס האָבן געפעלט שפּעטערישע כוחות. זיי האָבן נישט געוווסט פון מאָדערנער יידישער געשיכטע, פון העבּרעאישער ליטעראַטור איז קיין שמועס נישט געווען. דאָס רוב פון זיי זיינען באַשטאַנען פון נעכטיקע קרענגל־שפּילער, וואָס האָבן געמיינט, דאָס מיט בלויז זינגען די התקוה, די שבועה, אָדער „שם במקום אַרזים", „דאָרט ווו די צעדערבוימען", איז מען יוצא אַז דאָס איז דער עיקר צו זיין אַ ציוני, אַ משכיל, אַ מאָדערנער בחור. געווען ווידער אַזעלכע וואָס האָבן געהאַט אַנדערע כוונות, געמיינזאַם באַקעמפן בער רייך אין זיין גרופּע, וואָס האָבן שוין געמאַכט יד אַחת מיטן רב קעגן די ציוניסטן, וואָס האָבן אָנגעפאַנגען קריגן, וואָס אַמאָל מער כוחות און פּאָליטישע השפּעה צווישן די פאָלקס־מאַסן. ווי די זאַך זאָל נישט זיין, קענען מיר גאָר נישט פאַרגעסן זייער רצון און קוראַזש, דאַדורך אַליין פאַרדינען זיי אונדזער אָנערקענונג, ווען מיר שרייבן די היסטאָריע פון דער יוגנט־באַוועגונג אין ראָזוואַדאָוו, פון וועלכע די פני הדרך, וואָס איך קען געדענקען, זיינען געווען יעקב חיים פּערלמאַן ע״ה און אלי רייך ע״ה. גראַדע דער בית־המדרש־עלעמענט, חוץ געציילטע, האָבן זיך אַקטיוו נישט

באַטייליקט אין „בית יהודה", הגם זיי האָבן שוין געלייענט דעם „המצפה" שטילערהייט אין די ד׳ אמות פון הלכה, שוין געלייענט דעם ראָמאַן אין עברית פון מאפו „אַהבת ציון", דער ערשטער נאַש פון עץ הדעת אין יענער תקופה פון אַ בית המדרש בחור; אויך הערצלס „יידנשטאַט", וואָס איז געגאַנגען פון האַנט צו האַנט. און אַזוי צו ביסלעך האָבן זיך פון פאַרשיידענע קרייזן באַלד שפּעטער אַרויסגעפּיקט שיינע פיגורן, וואָס האָבן פאַרנומען אַ וויכטיקע פּאָזיציע און עס איז ווערט זיי זאָלן דערמאָנט ווערן: פייוול עדער ע"ה, וואָס איז געווען כמעט פון די ערשטע, וואָס האָט מיט התמדה גלעזען ביאַליקס שירים און מיט אַ זעלטענער באַגאַבונג וואָס האָט אַ סך מיטגעהאָלפן צו ענטוויקלען די ראַזוואַדאָווער יוגנט, דוד ליב בלימאַן, וואָס איז נישט בלויז געווען פון די ראשונים נאָר אויך פון די אַחרונים, ער איז געווען אחד בדורו. ער האָט יאָרן־לאַנג געדינט די דערהויבענע אידעאַלן פון דער ראַזוואַדאָווער יוגנט בלב ובנפש ביז צום חורבן פון דעם אייראָפּעאישן יידנטום. אַפילו נישט געפילט דעם ווייטאָג און פיין וואָס זיין גורל האָט אים אַזוי ביטער בעוולט. אומגעקומען איז דער „אַלטער", ווי די יוגנט האָט אים גערופן מיט ליבשאַפט, אינאיינעם מיט די 6 מיליאָן קדושים וטהורים.

עס איז אויך כדאי צו דערמאָנען ישראל גרויס ע"ה. גערופן „דער עקשן", „קריטיקער", וואָס האָט כסדר געפירט הייסע שרייענדיקע וויכוחים אין פאריין מיט דעם מעסיקן שטילן אינטעליגענטן חיים האָס ע"ה. און לייזער איימער האָט מיט זיין ליבלעכן שמייכל קוים געקענט אים איינשטילן. די אַלע האָבן צוגעלייגט אַ פלייצע צו דעם יוגנטלעכן אויפשטייג אין ראַזוואַדאָוו. דער גרעסטער כוח פון שעפּערישער אַרבעט איז געקומען אין יאָר 1910/11, ווען דער יונגערער עלעמענט געוועזענע תלמידים פון ד׳ אַהרן קאַנער ע"ה, ר׳ יוסף אַבישעס ע"ה און ר׳ אַהרן (בייקע) קליינקופף ע"ה, האָבן איבערגענומען די לייטונג פון „בית־יהודה". קודם כל האָבן זיי אַרויסגעפירט דעם ראָמאַנטישן ציוניזם, וואָס איז געבליבן שטעקן בחדרי חדרים, אויף דער עפנטלעכער גאַס געגרינדעט די ביבליאָטעק, וואָס האָט געגעבן דעם עולם די מעגלעכקייט צו לייענען און זיך באַקענען מיט גרעץ׳ס יידישער געשיכטע, מיט מענדעלע מוכר ספרים און נאָך אַנדערע. די ערשטע יידישע גרינדער, וואָס האָבן אַזוי העלדיש דורכגעטראָגן די חבלי לידה פון די „בית־יהודה" האָבן צוביסלעך חתונה געהאַט, אַ טייל האָבן אויסגעוואַנדערט, איז דאַן געקומען אַ נייע תקופה און אַ נייע פירערשאַפט, וואָס האָט פאַרשטאַנען די אַחריות, וואָס ליגט אויף זיי, און צוזאַמען געשטעלט אַ בית ספר לעברית, פאַראַנשטאַלטעט ליטעראַרישע אָוונטן מיט פאַרלעזונגען, דיסקוסיעס, געברענגט גאַסט־רעדנער. געווען אַ גרויסער געווינס דער נייער עברית־לערער ראָזמאַן, וואָס האָט אַנטייל גענומען אין אַלע אַרבעטן פון „בית יהודה" און געהאָלפן פאַרשפּרייטן עברית דורך קורסן. באַלד האָט זיך געהערט אויף די גאַסן „שלום", „בוקר טוב", „לילה טוב", „להתראות". אַפילו בעלי־בתים ווי יעקב ראָטנבערג ע"ה און מענדל הערצלעך און די אויבן אויסגערעכנטע האָבן אָנגעהויבן באַזוכן דעם „בית יהודה" און דאָרט געלייענט דעם „העולם", די „הצפירה" אַזוי, אַז אין יאָר 1912 האָט שוין ראַזוואַדאָוו געהאַט אַ סביבה, וואָס האָט נישט בלויז געלייענט בעלעטריסטיק ווי „רוים און ירושלים" פון העס, אָדער „דאָן קיכאָט" פון סערוואַנטעס, נאָר אַפילו דאָס אַפּיקורסישע „התועה בדרכי החיים" פון סמאָלענסקין, „על פרשת דרכים" פון אַחד העם, „די עמאַנציפּאַציע" פון פּינסקער און געזוכט קלאַסישע מאָדערנע משוררים, ווי טשערניכאָווסקי. צו באַזאָרגן די אַלע ספרים איז נישט געווען אַזוי לייכט און נאָך אַלע גליקן האָט געפעלט אַ סך מאָל אויף דירה־געלט פאַר צוקראָווסקין, ווו דער פאריין איז געווען, האָב איך מיט דער הסכמה פון פּרעזידענט זיסל שמידט ע"ה און לייזער איימער, דער פאַרוואַלטער פון ביבליאָטעק, געגרינדעט דעם ערשטן דראַמאַטישן קלוב אין ראַזוואַדאָוו, וווּ איך האָב רעזשיסירט און אַליין מיטגעשפּילט אין דער דראַמע פון גאָרדין „דער ווילדער מענטש", וואָס מען האָט געשפּילט מיט גרויס דערפאָלג דריי מאָל. די הכנסה איז אויסשליסלעך געגאַנגען אויף דער ביבליאָטעק, וואָס האָט במשך פון 30 יאָר געדינט אַלס גייסטיקער צענטער פון וועלכן עס האָבן געשעפּט די יניקה אַלע שפּעטערע ציוניסטישע מנהיגים.

# רעמיניסצענצן

חיים פינגערהוט

## חסידות

ראַזוואַדאָווער חסידות, אָדער גאָר ראָפשיצער חסידות, איז געווען פון אַנדערע דרכים. ס׳איז נישט געווען קיין חסידות פון דביקות ווי בעלז, נישט קיין חסידות פון תורה ווי גער, אָדער נאָר פון מידות ווי דאָס לובאַוויטשער חסידות. עס איז געווען אַ וועג צום פאַרפולקאמען דעם מענטשלעכן קאָנטאַקט, שאַפן אַ געזעלשאַפטלעכע היימישקייט און כמעט אַן עפיקורעישע אָדער סיבאריטיש פארהאלטן זיך צום עסן, טרינקען, זינגען, שיין דאַווענען, לאַכן און דערציילן וויצן. אַלע חסידים האָבן זיך געקענט און געפרייט ביים ווידערזען ביים רבין, ווי מ׳האָט זיך פאַרהאַלטן ווי להבדיל ביי אַ „שטאמטיש״, זיך דערציילט נייעס, אויסגעטוישט ניגונים און פאַרברענגט.

וואָס מיינט אייגנטלעך חסידות ? פאַר מיר איז עס אַ בוים מיט הונדערטער שרשים, טויזנטער צווייגן און הונדערט טויזנטער בלעטער ; פאַר מיר איז, אויך היינט געזען, חסידות די מעגלעכקייט פאַר אונדז ביהמ״ד־ייִנגלעך צו ריידן מיט אַ מיידל. איך בין זיכער : אַז דער נס אַריינצוקוקן אין די טיפענישן פון די מיידלשע אויגן און ערשט דאָס קאָנען קאָנטאַקטירן זיך מיט דעם באַזונדערן מין פרויעשקייט וואָס האָבן באַזעסן די טעכטער פון די ראַביישע הייזער, איז אויך חסידות. צוצוהערן זיך צום שמייכלדיקן קול, און אויסלענדישן קראַסנער אקצענט, פון אונדזער יונגער רעביצין „מרימטשע״, און צו זען ווי זי פלעגט צו פאַרגלייזן אירע ביזאַנטינישע מאַנדעל־אויגן — איז אויך חסידות. אומבאַוווּסט



מרדכי פינגרהוט

האָבן מיר אַפערירט מיט פאַרשידענע ווערטער. און ווי אַ קאלעקציאַניסט פון אנטיקוויטעטן באַגייסטערט זיך מיט דעם זשאווער אָדער שימעל פאטינא פון א כלי, און דוקא זיין שמוץ איז מער ווערט ווי אַ ריינער גלאַנץ, האָבן מיר מוחל געווען און ערזעצט די שוואַכקייט און אומבאַדייטנדיקייט פון דער „תורה״, וואָס דער רב פלעגט צו לעזן פון אַ ספר, כתב יד, וואָס האָט געהייסן : „ביכל״. דורך דעם מאגישן רוח פון ביכל, זיין שיינע אַנטיקע שריפט, וואָס קיינער האָט נישט געוווּסט, ווער עס האָט געשריבן מען האָט געזוכט דעם ווערט אין דער פאָרם, דער נייגונג אָדער ליניע און נישט בלויז אינם אינהאַלט.

## סקארבאווע ניגונים

אין אַזאַ אַטמאספער פון וואַרימקייט און לוסטיקייט האָבן געשפילט אַ גרויסע ראָל די „סקארבאווע ניגונים״. אַן אמתער אוצר פון מאַטיוון און מעלאדיעס, וואָס מ׳פלעגט זינגען נאָר אין אַנוועזנהייט פון רב. יעדער מוזיקאַלישער מאַטיוו איז געווען פאַרבונדן מיט אַ באַשטימטן טעקסט און אויך לוח. די זעלבע תפילות אָדער זמירות האָט מען געזונגען מיט אַן אַנדער ניגון אַ פאַרשידענעם לויט דעם שבת אָדער יו״ט. די טראַדיציע האָט געשאַפן אַן אייגענעם פאָלקלאר, נאָך דעם סדר פון „אנטיפאנא״ ד. ה. דער רב האָט פאַרגעזונגען אַ שורה, און דער עולם האָט געענטפערט אי־



רבקה פינגרהוט

אָנגעקומען אין אַ קנאַפער מאָס און מיט אַ גרויסער פאַרשפעטיקונג, אויך די פאָסט איז אָנגעקומען נישט פינקטלעך. עס האָט זיך געמאַכט, אַז ס׳זיינען פאַרגאַנגען טעג אָן פאָסט, אַזוי אַז מ׳האָט זיך אויף איר נישט געקאָנט פאַרלאָזן.

מיט דער דערנענטערונג פון דעם אָנהויב פון די קאַמפן איז די לאַגע אין שטעטל כסדר שווערער געוואָרן. דאָס שטעטל איז אַלץ פולער געוואָרן מיט זעלנער, וועלכע האָבן אָבער אָפּנים נישט גענוגט בכדי אויסצופירן אַלץ, וואָס איז נויטיק געווען צו דער צוגרייטונג פון אַן אינוואַזיע, און די מיליטער־באַהערדע האָט פאַר נויטיק געהאַלטן צו מאָביליזירן צו דער אַרבייט אַלע יונגעלייט פונעם שטעטל. די כסדר אָנקומענדיקע צוגן האָבן געבראַנגט טויזנטער טאָנען שפייז און מיליטערישע אויסריכטונג, וואָס האָט אויסגעזען אין אונדזערע אויגן ווי אַן אגדה, — דאָס אַלס האָט מען געמוזט אָפּלאָדענען און מאַגאַזינירן אינם ריזיקן הויף פונעם טאַרטאַק, (איך דערמאָן זיך ווי מען פלעגט דערציילן פון די טויזנטער און טויזנטער קעסטלעך געמאַלענער קאַווע און ענלעכע שפייז ; מיר האָבן נישט געקאָנט בכלל גלויבן, אַז עס איז אַזויפיל פאַראַנען אויף דער וועלט). אַחוץ דעם האָט אָפּנים די פיאָנערישע אָפּטיילונג אַליין נישט באַוויזן אויפצושטעלן די בריק איבער דעם סאַן אין בראַנדוויצע. די ערשטע בריק איז געווען אַ פראָוויזאָרישע און איז געווען פון האָלץ, אָבער איר אויפשטעלן און דאָס צוגרייטן דעם וועג צו איר ווי דאָס לייגן פון דעם דעקאָוויל מיט וועלכען מ׳זאָל טראַנספּאָרטירן די שפייז און אויסריכטונג איבער דעם סאַן — דאָס אַלץ האָט באַדאַרפט אַ סך מענטשלעכע כוחות. זעלנער זיינען געגאַנגען אין די גאַסן און איבער די הייזער און מיט זיך מיטגענומען יונגע מענטשן וואָס זיי האָבן געטראָפן. מ׳קאָן זיך פאַרשטעלן ווי מיד און צעבראָכן די יונגעלייט זיינען אין אָוונט אַהיימגעקומען נאָך די טעג פון שווערע אַרבייטן צו וועלכע זיי זיינען נישט געוווינט געווען. מיר דוכט זיך, אַז זייער צאָל איז אַלע מאָל קלענער געוואָרן, ווייל אַ סך האָבן מיט דער צייט געפונען אַ מעגלעכקייט זיך צו באַהאַלטן, און די זעלנער האָבן נישט געהאַט קיין ליסטעס, נאָר גענומען מיט זיך צו דער אַרבייט וועמען זיי האָבן געטראָפן.

עס האָבן זיך דעמאָלט געשאַפן צייטגעמעסיקע פרנסות. דאָס מיליטער וואָס האָט זיך אַלץ מער קאָנצענטרירט אין שטעטל, איז געווען אַ גרויסער באַדאַרפער פון יעדן געבעקס, פירות און משקאות, און ווער עס האָט זוכה געווען צו קויפן מאַטעריאַל אויף געבעקס האָט נישט שלעכט פאַרדינט. שטעלעכלעך זיינען אַרויסגעוואַקסן אין פאַרשידענע עקן, און אַלס וואָס מ׳האָט אָנגעבאָטן, אַפילו קליינע גאַלאַנטעריע, איז זייער שנעל אויספאַרקויפט געוואָרן. און ווען ס׳איז שוין שווער געווען צו באַקומען רוימאַטעריאַל, האָט דאָס מיליטער אַליין צוגעשטעלט כדי די באַדערפנישן פון די זעלנער צו דערפולן. ס׳איז אויך פאָרגעקומען, אַז זעלנער האָבן פאַרגעסן צו באַצאָלן, אָבער קיינער האָט נישט געקלאָגט, ווייל דער שאָדן איז אָפּנים נישט גרויס געווען.

לעבן די קליינע פאַרדינסטן פון די אַלע וואָס האָבן געהאַט שטעלעכלעך, זיינען אויך געווען ווייניקע, וואָס האָבן געהאַט גרויסע רווחים, דינענדיק ווי צושטעלערס פאַרן מיליטער. די מיליטער־באַהערדן זיינען געווען פאַראינטערעסירט צו קויפן אַלץ וואָס מ׳האָט געקענט באַקומען אויפן פלאַץ, און עס איז זיי באַקוועם געווען זיך אַרויסצוהעלפן מיט מענטשן וואָס האָבן פאַר אַ געוויסן פּראָצענט ריווח געקענט ד׳ באַליפערונג קאָנצענטרירן.

דאָס אַלץ האָט געדויערט ווייניק וואָכן, אין וועלכע דאָס שטעטל איז געווען אַ באַזע פאַר איין אַרעם פון דער גענעראַל דאַנקעלס אַרמיי, וועלכע האָט אָנגעהויבן די אינוואַזיע קיין קאָנגרעס־פוילן. די יידישע באַפעלקערונג, זייענדיק פאַטריאָטיש געשטימט, האָט געגלויבט אין אַ שנעלן נצחון פון דער עסטרייך־אונגאַרישער אַרמיי און געמיינט אַז דאָס מיליטער וועט שנעל ווייטער גיין און אַריינדרינגען אינעם רוסישן שטח, אַזוי אַז דער פראָנט וועט זיך אַלץ דערווייטערן און דאָס לעבן אין שטעטל וועט זיך צוריקקערן צום אַמאָליקן שטייגער. אין אמתן האָבן די ערשטע וואָכן נאָך פאַרשטאַרקט די אילוזיע ווייל דאָס עסטרייכישע מיליטער איז אין אָנהויב פאַרגעגאַנגען אָן שווערע קאַמפן. אונדזערע יידן האָבן אָנגעהויבן זיך לוסטיק צו מאַכן איבער דעם רוסישן מיליטער, בפרט ווען זיי האָבן געזען רוסישע געפאַנגענע אין שטעטל און יעדן טאָג געלעזן די באַריכטן פונעם עסטרייכישן גענעראַל־שטאַב איבער דעם פאַרויסגיין פונעם מיליטער. אָבער צוביסלעך איז אַוועק די רואיקייט. אייגנטלעך האָט מען שוין אין דער צווייטער וואָך פון חודש אלול אָנגעהויבן צו הערן געדעמפטע עקספּלאָזיעס, אין וועלכע מ׳האָט געקענט דערקענען דעם קול פון קאַנאָנען, אָבער דער גרויסער אָפּטימיזם האָט נישט צוגעלאָזט צו קיין שלעכטע געדאַנקען. ווען דער רעש פון די עקספּלאָזיעס איז אַלץ שטאַרקער געוואָרן, האָט שוין מער נישט געקאָנט זיין קיין ספק, אַז עס גייען אָן קאַמפן, און אַז דער פראָנט דערנענטערט זיך צום שטעטל. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און די עסטרייכישע און דייטשע זעלנער, וועלכע מיר האָבן פריער געזען אין זייער מונדירן, מיט נייער און גלאַנצנדיקער אויסריכטונג, האָבן אָנגעהויבן צו מאַרשירן פון צפון קיין דרום. מידע, שמוציקע, אויפגערעגטע און אָפּנים אויך הונ־

געריקע זיינען זיי שנעל און אין אומאָרדנונג אַדורך דאָס שטעטל. די טראַנספּאָרט־אָפּטיילונגען, וועלכע האָבן אַהינצוועגס שטאַרק געהיט די אָרדנונג, האָט מען איצט געזען, ווי זיי וואָלטן מיט זיך קאָנקורירט, ווער ס'וועט שנעלער אַוועק. אַזוי ווי מ'האָט פריער שטאַרק אויפגעפּאַסט, אַז ס'זאָל זיין שטאַק־פינסטער, ס'זאָל חלילה נישט דורך די פענסטער אַדורכדרינגען קיין ליכט־שטראַל (עס רעדט זיך וועגן נאָפּטלאַמפּן) — אַזוי האָט מען יעצט פאַרלאַנגט פון די איינוווינער, די גאַסן דורך די פענסטער, וואָס מער צו באַלויכטן, כדי דעם וועג צו באַלויכטן. דאָס בהלהדיקע פאָרן האָט די שאָסייען אינגאַנצן צעשטערט, אַ טייל זיינען געפאָרן אויפן געפּלאַסטערטן מאַרק און אויף די טראָטואַרן, אַבי וואָס שנעלער אַוועק. אַ סך האָבן געגלויבט די זעלנער און אָפיצירן וועלכע האָבן אונדז דערציילט, אַז מ'גייט בכוונה צוריק, כדי דעם שונא צו פאַרנאַרן און אים דעם אמתדיקן קלאַפּ צו געבן. אָבער קיינעם איז נישט איינגעפאַלן, אַז דער פראָנט איז שוין אַזוי נאָענט. דערפאַר איז אַזוי גרויס געווען אַלעמענס איבעראַשונג, ווען גענוי אַ וואָך פאַר ראש השנה, האָבן אין דער פרי אָנגעהויבן קאַנאָנען־געשאָסן צו פאַלן אין מאַרק און אויך אין הייזער. אין אַ טייל ערטער פון דער זייט סאַן זיינען אַפילו געוועער־קוילן געפאַלן. טייל האָבן אַפילו באַמערקט, ווי איין אָפּטיילונג זעלנער האָט מאַרשירט אין דער ריכטונג פון סאַן, האָט זיך געלייגט אין אַ שווארמליניע און געשאָסן פון די ביקסן.

די פּאַניק און קאָפּלאָזיקייט, וואָס האָט באַהערשט דאָס שטעטל, איז נישט צום באַשרייבן. באַלד האָט מען אָנגעהויבן צו דערציילן אַז דער און יענער האָט שוין פאַרלאָזט ראַזוואַדאָוו. אין ווייניקע שעהן, אָן אַסך צו איבערלייגן און נישט וויסנדיק וווהין, האָבן די יידן אין איילעניש אָנגעהויבן צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל וואָס איז געוואָרן קריגספראָנט. די ערשטע האָבן נאָך געקענט דינגען אַ פור ; די וואָס זיינען שפּעטער אַנטלאָפן זיינען געגאַנגען צופוס, טראָגנדיק אין די הענט פּעקלעך מיט אַביסל שפּייז. פון די ערשטע זיינען אַ טייל געקומען ביז ריישע און דאָרט האָבן זיי נאָך דערכאַפּט אַ צוג, וועלכער האָט זיי געברענגט אין די דרום מערב לענדער פון דער מאָנאַרכיע. אַסך איז גאָר נישט איינגעפאַלן, און אפשר אויך נישט די מיטל געהאַט ווייט צו וואַנדערן, זיי האָבן זיך געוואָלט ראַטעווען פון מלחמה־פעלד, אָננעמענדיק אַז ראַזוואַדאָוו האָט מען דערפאַר באַשאָסן, ווייל עס איז ביים סאַן און אַ באַן־קנאָטנפּונקט, אָבער מען וועט דאָך נישט באַשיסן סתם דערפער. און טאַקע נאָכדעם ווי דאָס רוסישע מיליטער האָט זיי דעריאָגט, האָבן זיי זיך נאָך ראש השנה צוריקגעלאָזט קיין ראַזוואַדאָוו.

אָבער ווי אַנדערש זעט דאָס שטעטל אויס ווי פאַר אַ וואָך! ס'איז דאָך נישט צו דערקענען. אַ העלפט הייזער אין מאַרק איז געווען צום גרעסטן טייל צעשטערט, און אין די גאַסן האָט מען רוסישע זעלנער געזען. די בירגער וואָס זיינען געבליבן אין שטעטל, האָבן זיך פאַרשלאָסן אין די הייזער, ווייל ווער ס'האָט געוואַגט זיך אַרויסצווייזן אין גאַס, כדי אַ נויטיקע זאַך צו קריגן, האָט זיך געמוזט ריכטן, אַז די רוסישע זעלנער וועלן אים די קעשענעס אויסליידיקן און דאָס זייגערל אָדער יעדע אַנדערע ווערט־זאַך אַוועקנעמען. דעם אמת זאָגנדיק, האָבן זיי זיך גאָרנישט געשעמט אַריינצוגיין אין די וווינונגען און פאַרלאַנגען „קושאַט” [עסן] און אַפילו די ריין רוסישע תשובה „ניטשעוואָ” האָט זיי נישט אָפּגעהאַלטן צו זוכן, כדי מיטצונעמען וואָס זיי האָבן נאָר געוואָלט. ווען מען האָט זיך געווענדט צום קאָמענדאַנט האָט ער געשיקט וואָך אין די פאַרשיידענע פלעצער, כדי צו שיצן פון רויב.

קיין שפּייז איז בכלל נישט געווען, און אַז מ'האָט צופעליק געוואָר געוואָרן אַז ביי עמעצן איז געבליבן מעל, רייז אָדער אַנדערע שפּייז, האָט מען אים ממש באַגילדעט, כדי צו קענען די נשמה דערהאַלטן. עס זיינען געווען פאַלן וואָס יידישע זעלנער האָבן געברענגט עפּעס שפּייז וואָס זיי האָבן נאָר געקענט באַקומען פאַר אַ יידישער משפּחה. עס האָט זיך געמאַכט, אַז ווען מען האָט געהערט שיסן קאַנאָנען, האָט מען דאָס אָנגענומען באַהבה, ווייל זיי זיינען דאָך „אונדזערע”.

אַזוי האָט עס געדויערט ביז חול־המועד סוכות, ווען דאָס עסטרייכישע מיליטער איז צוריק אַריין קיין ראַזוואַדאָוו. די יידן האָבן זיי מקבל פנים געווען מיט גרויס שמחה. אַלע האָבן געהאָפט אַז באַלד וועט דאָס לעבן ווידער אַריין אין די פריערדיקע שינעס און יעדער וועט צוריק צו זיין האַנדל און וואַנדל; זיי האָבן זיך אָבער שנעל איבערצייגט אַז נישט נאָר די האָפנונג איז נישט מקויים געוואָרן, נאָר דאָס לעבן איז נאָך שווערער געוואָרן. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז די רוסן זיינען געבליבן אויף דעם דרום־זייט פון סאַן, און דאָס שטעטל איז ממש געווען אויפן פראָנט. די אקאפעס זיינען געווען ביי דער צעגעלניע, און מען האָט געהערט אָפטיקע שיסערייען. יעדן טאָג נאָכמיטאָג, טיילמאָל אויך אַ פאָר מאָל אין טאָג, האָבן די עסטרייכער געפרוּווט ברענגען אַ צוג קיין ראַזוואַדאָוו, אָבער באַלד האָבן די רוסן געענטפערט מיט קאַנאָנען, פון וועלכע אויך דאָס שטעטל האָט געליטן. איין מאָל האָט מען געפרוּווט הייצן אין מרחץ, אָבער די רוסן דערזעענדיק דעם רויך האָבן געמיינט אַז עס קומט פון אַ לאָקאָמאָטיוו, האָבן זיי אָנגעהויבן צו שיסן. איין

שראפנעל האָט געטראָפן אין בית־המדרש און געבליבן אין דער הילצערנער וואַנט. אַזוי איז דאָס לעבן אַלץ שווערער געוואָרן, ווייל קיין שפּייז־צופיר איז נישט געווען און דאָס ביסל וואָס איז געבליבן האָט זיך אויסגעלאָזט. נישט איין־מאָל האָט מען זיך געמוזט לאָזן אין די פעלדער, כדי מיט די הענט אַביסל קאַרטאָפל אויסצוגראָבן, דאָס לעבן צו דער־האַלטן, כאָטש אין די פעלדער זיינען געפאַלן קוילן פון ביקסן.

צוביסלעך איז רייף געוואָרן דאָס באַוווסטזיין ביי די וואָס זיינען איבערגעבליבן, אַז די אויסזיכטן אויסצוהאַלטן, ביז דאָס לעבן וועט זיך ווידער נאָרמאַליזירן, ווערן וואָס אַמאָל קלענער. האָט מען אָנגעהויבן זוכן מעגלעכקייטן זיך צו ראַטעווען און פאַרלאָזן די שטאָט מיט אַ פור, אַ זאַך וואָס איז נישט לייכט געווען, ווייל די פוּערן האָבן מורא געהאַט צו פאָרן, מען זאָל זיי נישט מאָביליזירן מיט פערד און וואָגן, וואָס עס איז נישט זעלטן פאָרגעקומען. נאָך אייניקע וואָכן האָט זיך אָנגעהויבן די צווייטע פליכטונג. יעדן טאָג האָט געפליכטעט אַן אַנדערע משפחה, נאָכדעם ווי עס איז געלונגען צו דינגען פאַר גוט־געלט אַ פור, וואָס זאָל זיי ברענגען אין איינער פון די נעענטסטע פלעצער ווו ס׳איז קיין מאָמענ־טאַלע לעבנס־געפאַר נישט געווען. אַ טייל האָבן זיך נאָך דערשלאָגן צו אַ באַנסטאַנציע און דערגרייכט אַ צוג, וואָס האָט זיי אין די ווייטערע לענדער פון דער מאָנאַרכיע גֶעבּ־רענגט, און אַ טייל זיינען געבליבן שטעקן אַזוי, אַז דאָס רוסישע מיליטער האָט זיי אָנגעיאָגט, ווען עס איז ווידער אַריינגעדרונגען קיין גאַליציע און דאָס מאָל אַ סך טיפער.

די רוסישע אָקופּאַציע האָט דאָס מאָל אַ 7 חדשים געדו־יערט און די צאָל יידן וואָס זיינען געבליבן אין שטעטל, האָט דערגרייכט בערך 100 משפחות. אָבער מענטשן וואָס זיינען אין שטאָט געבליבן האָבן מיר דערציילט, אַז דאָס לעבן האָט זיך ווי נישט איז ווידער גערעגלט, און די יידן האָבן דאָרט געפונען זייער פּרנסה, ביז דאָס עסטרייכישע מיליטער איז ווידער פאַרגעגאַנגען און די רוסן האָבן באַ־פוילן אַרויסצוטרייבן אַלע יידן פונם סאַן־ווינקל קיין טיף רוסלאַנד. דאָס איז געשען ערב שבועות תרע״ה (1915).

ווען כ׳בין מיך נישט טועה, איז אין שטעטל געבליבן נאָר משה זוסמאַן, וועמען די רוסן האָבן דערלויבט צו בלייבן כדי זיין מוטער צו פלעגן, וועלכע איז געווען אַן אינוואַליד. די ראָזוואַדאָווער יידן האָבן די רוסן פאַרטריבן אינעם דאָרף טאַקטאַלאַטשוק, מענדזעלינסקער פּאַוויאַט, אופאַער גובער־ניע, ווו זיי זיינען געבליבן ביז׳ן סוף פון דער מלחמה. דאַן זיינען זיי צוריקגעקומען קיין ראָזוואַדאָוו.

# כרוניקה של המנזר הרוזוואדובאי

## מ־15.9.1914—15.11.1919

**(תמצית)**

**15.9.1914**: הפצצת רוזוואדוב ב־8 בערב, האש לוחכת כמ־עט את כל העיר. הצבאות הרוסיים עברו את הנהר סאן ונמ־צאים ברוזוואדוב.

**16.9.1914**: המנזר מלא וגדוש בני הדת הקאתולית ויהו־דים. במקום המקהלה במסדרונות, בבית הכומר בחדר האוכל של המנזר, במרתף, בגן ובעוד מקומות. במשך ימים תמימים עולים הצבאות הרוסיים על בויאנוב (Boyanów). במנזר נמצאת המפקדה הראשית: שני גנראלים, עם המפקד ז׳לינסקי, במטה גם שני פולנים. במנזר שוכן גם בית חולים צבאי.

אבידות המנזר בעת מלחמת העולם הראשונה מסתכמות ב־62,284 כתרים.

**1918**: בין היהודים בהלה גדולה. פה ושם פרעות, בייחוד בכפרים. היו מעשי ביזה חלקיים ברוזוואדוב. הגדילו את כוחות המיליציה (הפולנית). ב־5 בנובמבר איכרים־עריקים, לרוב מפלאוו (Plawo) ומטורביה (Turbia) בוזזים ומנפצים את השמשות אצל יהודים. האיכרים השתכרו אצל היהודים למרות שהחנויות היו סגורות ואחר התנפלו עליהם. בפקודתו של סגן לנדושקא שפכו המון ספירט ורום לתעלות כדי להפ־סיק את השיכרות ואת הביזה.

**12.11**: בשעה 2 אחר הצהריים שוטר אחד, בנו של הסוחר ויג׳יקובסקי, המית ביריה או יותר נכון פצע, כי הקרבן עדיין חי, חייל קלוסקא מאגאטובקא (Agatówka). בני טורביה התנקמו בשל כך באופן אכזרי בבניו של ויג׳יקובסקי ובאב, זה שירה, היכוהו עד לאיבוד ההכרה, ניפצו את גולגולתו, לשני עקרו את שיניו ואת האב היכו בפניו ובעטו בו. אחר

כך התנפלו על חנויות היהודים, החריבו אותן ובזזו אותן ללא רחמים, והפליאו לעשות מכולם בני טורביה ופלאוו. פירקו מן המיליציה את נשקה, פיזרו את הצבא והוציאו 100 רובים מן המחסן. בשעה 10 הגיע צבא מניסקו ומרודניק ופיזר את הכנופיות הבוזזות. ב־13 בנובמבר יותר ממחצית היהודים, מתוך שלושת אלפים, עזבו את רוזוואדוב.

**שנת 1919**: ב־15 בינואר הגיעה לטורביה משלחת־עונ־שין צבאית, המחפשת אחר חפצים גנובים. לוקחים בחזרה את הרובים, מלקים כהוגן 25 מלקות בישבן, בייחוד את הקטינים — בעד כל זה נותנת טורביה אש"ל, ומספרים גם שעשרה כתרים כל יום, בשביל כל חייל. מספרים שמשלחת דומה נמצאת בסובוב (Sobów) ובעתיד הקרוב גם ברזיציצה (Rzeczyca Dluga) ובפלאוו. ברוזוואדוב, לאחר שפוזרה ה־מועצה שמנתה את עצמה בחרו על פי „רצון העם" וועדה מייעצת חדשה המורכבת מ־30 איש (24 בני הדת הקאתולית ו־6 יהודים).

**1920**: היהודים מצפים לבולשוויקים ואפילו אינם מסתי־רים זאת. יש גם מבין האיכרים ששמחים על כך ואומרים שיקבלו אדמות חינם. אין להשיג בשום אופן בשר. היהודים טוענים כי אם יקבלו 140 מארקים בעד קילוגראם, ישחטו פרות ויהיה בשר, אבל מניין לקחת את הכסף?

# נשמת כל חי — —

משה בן־מנחם

שַׁבָּת בָּעוֹלָם, בֹּקֶר חֹרֶף, כִּכַּר בָּעֲיָרָה מַשְׁלֶגֶת,
רוֹגְשִׁים הַגּוֹיִים! וּבְתָוֶךְ עֵדָה קְדוֹשָׁה וְנִלְעֶגֶת...
הַשַּׁ"ץ רַבִּי מֶנְדִיל, וֶאֱלִימֶלֶךְ "בַּעַל־קוֹרֵא", גַּם יַחַד
יוֹצְאִים בְּרִקּוּד־"בֵּית־הַכְּנֶסֶת", שָׁרִים וּלְבָבָם מֵת מִפַּחַד:
הָרֹאשׁ הַמְגֻלֶּה מִתְבּוֹשֵׁשׁ כֹּה לְמַרְאֵה הַטַּלִּית הַמְצֻיֶּצֶת,
הַבּוֹכָה לִקְרָעֶיהָ וְלָאָרֶץ נִגְרֶרֶת כְּנָפָהּ הַמְקֻצֶּצֶת!
"שִׁיר "מַה־יָּפִית", "זִ'יד צָרוּעַ!" יְצַו הָרָשָׁע בֶּן הַכֹּמֶר,
וְצוֹחֵק הַגֶּרְמָנִי הָרוֹצֵחַ עֵת בְּפִי הַיְּהוּדִים זֶה הָאֹמֶר:
"נִשְׁמַת כָּל חַי!" וֶאֱלִימֶלֶךְ תּוֹמֵךְ בְּרֵעֵהוּ הַמָּט:
"חֲזַק נָא רַ' מֶנְדִיל!" "אוֹי לִי, מֶלֶךְ, כֹּחִי יַעַזְבֵנִי כִּמְעַט!"
בְּתַכְרִיכֵי טֹהַר הַשֶּׁלֶג אֶת פְּנֵי הַקְּדוֹשִׁים כְּבָר יְכַס — — —
אֵי שָׁם עַל אִילָן בַּשַּׁלֶּכֶת עוֹרֵב מַר יִצְרַח וְיִכְעַס!
לֹא אוֹת, לֹא מוֹפֵת בַּשָּׁמַיִם — — רַק מִגְדַּל הַנּוֹצְרִים הַגָּבוֹהַּ
שׁוֹלֵחַ צְלָב חַד כְּלַפֵּי מַעְלָה, – סַכִּין אֲרֻכָּה בְּלֵב אֱלוֹהַּ — — —

# ההתחלה

ח.ס.

העיר שלנו הייתה קטנה מאוד. עד גמר המלחמה העולמית הראשונה חשבנו שהיא שייכת רק ליהודים. בכלל לא שמנו לב לנוצרים אם כי פחדנו פחד מוות מפני „שקצים".

ילדי היהודים היו התלמידים הטובים ביותר בביה"ס. לימוד בביה"ס היה חובה ומי ידע את השפה הגרמנית כפי שידעוה יהודים ובניהם ?

פתאום השתנה המצב, המלחמה הרסה דוקא בתים יהודיים. קמה העצמאות הפולנית ואתה האנטישמיות הפרועה שבערה בקרבם במשך דורות. התחילו לרדוף אותנו. שנת 1918, הייתה שנת מאורעות גדולים. כלם פחדו — פן יבואו חייליו של האלר, ששמעם הגיע לעיירתנו. בית הנתיבות היה באמצע העיר. מסביב הייתה כיכר ענקית. ובהגיע הרכבת עם צבאו של האלר חשכו פני העיר. כל הדלתות והחלונות נסגרו. ההלרצ'יקים רצו מחנות לחנות ודרשו מתנות. צעקו, היכו והתפראו כמו חיות טרף. יום אחד התנפלו על בית המדרש, שם נמצאו באותו בוקר יהודים מתפללים. הצעקות נשמעו בכל העיר. משפחה אחת, אם ובנותיה, רצו ובידיהם מוטות ואבנים להציל את אביהם. אלה שבפנים הקימו בינתיים באריקדה מעצים. הפורעים התאמצו לפתוח את הדלת, אחד מהם ניסה אפילו להכנס דרך החלון. יהודי אמיץ תפס גזר עץ והרביץ בו. הבן בחוץ שהבחין באביו רץ לעזרתו ומשך את החייל החוצה. הייתה זו מלחמה ממש. האחיות ידו בו אבנים.

פתאום באה הישועה בצורה בלתי צפויה. נשמעה צפירה חזקה של הרכבת, שקראה את המתפרעים לחזור לרכבת. הם שמעו את הצפירה ורצו לרכבת.

# בין שתי מלחמות עולם

אביגדור בירנבוים

זכרונותי מעיירתי רוזוואדוב, אשר בה נולדתי וגדלתי, מתחילים בפרוץ מלחמת העולם הראשונה, בשלהי קיץ 1914. הייתי ילד בן שבע. בשבילנו, הילדים, הייתה ההתחלה קצת משעשעת. פורקי עול מהליכה לחדר, רצנו בשוק הגדול והמרווח. הנה — קבוצת מגויסים צועדת לתחנת הרכבת בליווי תזמורת עירונית, המנגנת שירים פולניים, אשר אבק שריפה נודף מהם. ושם, על יד הבארות, מסתודדים יהודים בקבוצות, ומחווים דעותיהם בהלכות אסטראטגיה, כל אחד לפי רוח הלחימה הפועמת בו. הפתעה לא קטנה הייתה עבורנו, כאשר גדוד פרשים ססגוני של אולאנים והוזארים במגבעות פאר, במכנסים ירוקים־אדומים עבר את העיר. הוצאנו להם חלות עוגות, והם כיבדונו בשוקולד ובצנימים. אולם, הייתה זאת שמחה לרגע קט. עד מהרה התחילה המלחמה להראות את צפורניה החדות. התחיל מחסור חמור במזון, בסוכר ואח"כ בלחם. כמה שבועות לאחר מכן התחיל הצבא האוסטרי בנסיגה מבוהלת. רוב האוכלוסיה היהודית עזב את העיר בעוד מועד. אבי — הערשעלע בירנבוים ז"ל ואמי מעמעלע ע"ה, עם שבעת ילדיהם נשארו תקועים במקום. נחפזנו לצאת את העיר, אולם, הרוסים הקדימו אותנו, וכאשר רק יצאנו את העיר, פגשנו ביערות בסיור רוסי, שחסם את הדרך בפנינו. בקושי ובנסים חזרנו העירה, והנה, שוד ושבר. חצי העיר שרופה, גם ביתנו עלה באש, ומכל רכושנו לא נשארו אלא כמה תרנגולות ואווזים מסתובבים מפוחדים בחצר. יצאנו לשוק והנה על פני הכביש צועד הצבא הרוסי בלי הפוגה. באלפים: קוזאקים, קאצאפים; חמושים מכף רגל ועד ראש בכל מיני כלי זיין: בכידונים, בסכינים על

חזיהם ובידיהם מגלבים ארוכים, ורוכבים על סוסים מהירים כשדים. עמדנו בעירום ובחוסר כל, ואמי ע״ה הזילה דמעות על אבדן הרכוש והבית, והנה, יצא חייל אחד מן השורה ואמר ביידיש: „אל תבכו בזמן שהצבא הרוסי צועד קדימה אי? זה נאה״. ואל אבי ואלינו פנה ואמר, שנסיר את הכובעים מן הראש ונעמוד דום. כעבור רבע שעה חזר ואמר שחייל אחד יפתח את אחד הבתים למעננו ויכניס אותנו לתוכו. הוא עצמו הביא חבילות בגדים ונעליים עבור הילדים. כשוך הקרבות בעיר, עברנו לגור לביתו של דודי מרדכי בירנבוים ז״ל. בביתו היו כמה משפחות פליטים מן הכפרים אשר בסביבה. למרות הפחד והאימה מפני הקוזאקים והרעב המציק היו האנשים מנהלים ביניהם ויכוחים על תוצאות המלחמה. לפעמים ישבו שם חיילים יהודים רוסיים שבאו לשוחח קצת



הרשלה בירנבוים 1874—1949

עם יהודים. התפתח ויכוח סוער, שפלג את המשתתפים לשני מחנות. החיילים היהודיים הרוסיים היו פאטריוטים של „פאניע גנב״, כפי שהם התבטאו, וטענו, שהרוסים יכסו את יריביהם בכובעיהם והינם עומדים כבר היום לפני שערי וינה. לעומתם טענו אלה „משלנו״ שעד שהרוסים יגיעו לשערי וינה יאבדו את מגפיהם. סופו של ויכוח כזה היה שפיתת הסיר והכנת תה ושתיה בצותא. החיילים היהודיים השאירו קצת סוכר עבור הילדים. בינתיים, הלך המצב והורע מיום ליום. הפגזים התפוצצו סמוך לבית, וחדרו אף לתוך הבית, וצריכים היינו לרוץ למרתף ששימש כמקלט. בלילה קשה כזה הופיעו שוב חיילים אוסטריים בעיר ויעצו לנו לנוס מן העיר מוקדם ככל האפשר כי גם הם עצמם לא יחזיקו בעיר זמן רב. בזמן הרעשת העיר ע״י תותחים רוסיים נמלטנו, כל עוד נפשנו בנו, מן העיר, עד שהגענו, אחרי טלטולים ותוך סכנת נפשות, לעיר הסמוכה — טארנוברזג. שם „תפסנו״ את הרכבת האחרונה שהסיעה פליטים, בעיקר יהודיים, לעורף. וכך הגענו אחר סבל רב לצ׳כיה. לאחר שנה, בערך, כאשר שטחי גאליציה שוחררו מידי רוסיה חזרנו לרוזוואדוב. אולם, העיר לא הייתה כבר כפי שהכרתיה מקודם. פנה זיוה פנה הודה. בכל שררו עזיבות והרס, מחצית העיר שרופה ומרוקנת מתושביה. איתרע מזלו של הדור ההוא — במיוחד הילדים, שהיו בגיל בית ספר. האבות הלכו לצבא, האמהות עסקו בפרנסה. החינוך היה בשפל המדרגה. החדרים ובתי הספר היו עזובים. הילדים ניהלו מלחמות ביניהם. מחוסר כיתות לימוד בעיר הייתה הכיתה שלנו, (בביה״ס העממי) כיתה ג׳, מחוץ לעיר, בבית עץ נמוך קומה ע״י חורשה, ממול המנזר הנוצרי — סביבה גויית טהורה. בצאתנו מן הכיתה, התנפלו עלינו ה„שקצים״ מכל העברים והחל קרב אבנים שנמשך שעות ארוכות. הנני לציין, שלמרות הקשיים האלו ולמרות שהיינו מעטים במספר לא נטשנו את המערכה והמשכנו לבקר בבית הספר.

הבשורה על הצהרת בלפור הביאה עמה רוח חדשה. ההתרגשות הייתה גדולה. באותו זמן קמה גם תנועת החלוץ בעירנו. ההבחנה בין דתי ללא דתי טרם הייתה בעירנו וכל מי שיכול היה לאחוז במעדר או באת היה לחלוץ, וכולם היו מוכנים לעלות ארצה. בינתיים קדרו שמי עיירות פולין וכוסו עננים כבדים מבשרי פרעות. האימפריה האוסטרית התמוטטה, והפולנים, שכורי שמחה ושתויי יין, „עשו להם שמח״, התעללו ביהודים ושדדו מרכושם. בעירנו התארגנה בימים ההם „הגנה עצמית״ מחיילים יהודיים שחזרו הביתה. הם סיירו בעיר ובדרכים המובילות לעיר כשרוביהם על כתפיהם אבל, מצב זה לא נמשך זמן רב. המיליציה הפולנית שהוקמה, הבינה שההגנה העצמית יכולה להפריע ל„הכלופצעס״ שלהם מלפשוט את ידיהם בחנויות היהודים. היא פירקה איפוא את „ההגנה העצמית״ והחרימה את נשקה. היו בזה אות והזמנה לפוגרומים. ובכן, רוזוואדוב טעמה מספר פעמים התפרעויות של ההמון שחפצם היה רק שוד. כל החנויות בעיר שודדו עד תום. במרוצת הזמן, השתפר המצב, והחיים הכלכליים בעיר נכנסו לאפיקים נוחים ויציבים. גם החיים הציבוריים היו מפכים על מי מנוחות. הנוער, שהתחנך בין כתלי בית המדרש, לבו היה ער ופתוח לצעדי ההיסטוריה, וראה בעלייה לארץ הגשמת תקווה נושנה של „ושבו בנים לגבולם״. כותב שורות אלו היה בין מניחי היסוד של תנועת „צעירי מזרחי״ בעירנו.

פתחנו מועדון בו התנהלה עבודה תרבותית פורייה. הייתה תקופה שניהלנו גם בית ספר עברי דתי (חדר מתוקן). השׂ־

תתפנו בכל פעולה ציונית בעיר. היה לנו נציג בועדת הקק"ל, ובכל המגביות עבדנו במשותף עם שאר ההסתדרו־יות. משורותינו עלו ארצה הרבה חברים אחרי תקופת הכש־רה. הנוער הדתי לא הסתפק בפעולות מפלגתיות גרידא. הוא קבע לו עתים לתורה וזאת דווקא בביהמ"ד, מקום התפילה. כי אמרנו, שלימוד גמרא הוא כעין עבודת השם בדביקות בניגון ובהתלהבות. מלבד זאת, נגע ללבו גם העני עובר אורח או יהודי עני שנשאר תקוע חולה בעיר. הפעולות למ־ענם התרכזו בביהמ"ד, אשר היה מבצר העניים. במשך הזמן, כאשר התרבו היורדים מנכסיהם במלכות פולין, וגל העניים גאה, נוסדה בעירנו קופה לעניים, וגם הוקמה אכסניה עבור עניים עוברי אורח. אבי ז"ל, הערשעלע בירנבוים. היה גבאי במוסדות הנ"ל, נוסף על היותו גבאי בביקור חולים ובחברה קדישא. מספר שנים לפני בוא השואה ארגנו את ה„שומר הדתי" ו„בני עקיבא". המחנכים בתנועות אלו היו אחי יהושע בירנבוים ז"ל, משה זילבר ז"ל, וייבדלו לחיים טובים, מאיר פינגערהוט ומשה וקס. הארגונים האלו התפתחו והיו כפרחי ניצה. מיטב הנוער הדתי השתייך והתרכז סביבם והיו לשם ולתפארת לעיר. עד שעלה האשמדאי הנאצי וחבל בנטיעות. זה היה יום מר. יום ב' דחוהמ"ס 1939 כאשר הגסטאפו הוציא פקודה כי על היהודים לעזוב את העיר. כבר השכם בבוקר התחילו לזרום מכל קצווי העיר אנשים, נשים וטפיהם אל השוק עם חבילותיהם. הסתכלתי דרך חרכי התריסים ואימה נפלה עלי. כל השוק הגדול התמלא יהודים. כולם עמדו במין שלווה כאילו היו מחכים לנס, שתפתח האדמה את פיה וכל הרשעה תרד תהומה. התחלחלתי כבר מפחד שמא אאחר את המועד ולא אוכל להיות שם. אברי היו משותקים. לא נגעתי בדבר, ולא יכולתי לארוז דבר ולהתכונן ליציאה, כי עד הרגע האחרון לא האמנתי בדבר הזה, שאפשר לגרש אוכ־לוסיה שלימה חפה מפשע, ולהוציאם מבתיהם אשר גרו בהם מדורי דורות ולשלחם בידים ריקות לשטח הפקר... התעו־ררתי, כשאשתי נכנסה מחוץ לבית ואחריה אנשי הגסטאפו שצרחו „הערויס, שנעלער הערויס". וככה יצאנו אני, אשתי וילד בן שנתיים, ועזבנו בית מלא כל טוב וחנות מלאה ועמו־סה סחורה, בידים ריקות. אך הגענו לשוק, ניתנה פקודה לזוז. דפקונו לעבר מעבר נהר סאן. גדול היה היאוש ועוד יותר הצער לראות איך נרמס ברגל גאוה צלם אלוקים. בפי־נות הרחובות אשר על המסלול שצעדנו בו, צבאו תושבים נוצריים בפרצופים צוהלים ושמחים, ונחיריהם רועדים לריח השוד והגזל של רכוש ועמל דורות. ואין זה עדיין הכל, הזוועה התחילה ע"י הנהר סאן, כאשר כל משפחה רצתה כבר להיות בעבר השני של הנהר, כנמלטים מאנייה בוערת, ושמה עמדו קציני הגסטאפו וגזלו וחמסו מכל אשר בא ליד. ארוכה ועקובת דם הייתה הדרך עד הגיענו הלום, וכעת, בהיותנו בציון, מצוה עלינו להנציח את זכר אלו אשר נפלו כקדושים ולא זכו לראות את ציון. יהא זכרם ברוך.

# זכרונות און איינדרוקן

א. בירנבוים

איך געדענק ראַזוואַדאָוו, מיין געבורט־שטאָט, פון סוף 1914, בעת איך בין אַלט געווען 7 יאָר; דעמאָלט איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט מלחמה. באַפרייט פון גיין אין חדר זיינען מיר קינדער געוואָרן די בעלי בתים פון דעם ברייטן און גרויסן מאַרק. באַשעפטיקונג האָט נישט געפעלט. דאָרט מאַרשירט איין גרופּע איינגערופענע צו דער באַן־סטאַציע, באַגלייט מיט מוזיק. דאָ שטייען רעדלעך יידן און ווייזן אַ־רויס בקיאות אין סטראַטעגיע. די שמחה שטייגט, ווען עס קומען אָן פאַלקן פון עסטרייכישע רייטער־הוזאַרן, אולאַנער מיט זייערע פיל פאַרביקע מונדירן און רייטערלעכע פערד. אָבער באַלד האָט די מלחמה אָנגעהויבן צו ווייזן דעם ריכ־טיקן פּרצוף — דעם הונגער. און די שיינע וואונדערלעכע אַר־מיי איז שנעל צעקלאַפּט געוואָרן און בלויז רעשטלעך האָבן זיך איילי‌ק צוריקגעצויגן. דער פראָנט האָט זיך אָוועקגעש־טעלט ביים נאָענטן טייך „סאַן", ביי דעם אַזוי באַלעבטן דורך אונדזז קינדער, שטראַם, וועלכער איז אין די הייסע זו־מער־טעג געווען די גרעסטע אַטראַקציע פאַר אַלט און יונג. דער רוב הייזער פון שטעטל איז אַוועק מיטן רויך; אויך אונדזער הויז און אייגנטום איז דעמאָלט פאַרברענט געוואָרן. דער רוב פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט זיך עוואַקו־אירט קיין טשעכיען און אונגאַרן. די וועלכע זיינען געבליבן אויפן אָרט, זיינען פאַרנומען געוואָרן דורך דער רוסישער אַרמיי אין טיפן רוסלאַנד. אונדזער פאַמיליע האָט געהאַט די „זכיה" קענען צו לערנען פנים אל פנים די קאַזאַקן מיט

די פיקעס, אָבער אויסניצעצנדיק אַ מאָמענט, ווען דאָס שטעטל איז איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט, איז מיין פאָטער געלונגען צו ברענגען די גאַנצע פאַמיליע (פאָטער, מוטער און 7 קינדער) נאָך טארנאָבזשעג כאָפּן דעם לעצטן צוג און אַזוי אַרום זיינען מיר געקומען נאָך טשעכיען.

ווען די רוסישע אַרמיי האָט געמוזט פאַרלאָזן די געביטן פון גאַליציען, זיינען מיר אַהיימגעפאָרן, אָבער ראַזוואַדאָוו איז חרוב. און מען דאַרף אָנהויבן אַלץ אויפדאָסניי. שווערע צייטן. פיל פאָטערס רופט מען איין צו ראַטעווען די עסט־רייכישע אימפּעריע. און די מוטערס דאַרפן זאָרגן פאַר פּר־נסה און דערציען קינדער, אָבער פּרנסה איז נישטאָ. חדרים און שולן פעלן, אָבער די קינדער פעלט נישט קיין באַשעפ־טיקונג — מען פירט טעג און נעכט מלחמות צווישן זיך און מיט די שטעטישע שקצים.

צום סוף פון קריג איז געקומען אַ בשורה וועגן דער באַל־פור־דעקלעראַציע. די באַגייסטערונג איז געווען שטאַרק. עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן דער „החלוץ" מען האָט אָנגעהויבן באַארבייטן די ליידיקע פּלעצער. ווער עס האָט נאָר געקענט האַלטן אַ האַק און אַ זעג, איז געוואָרן אַ „חלוץ" — גרייט צו פאָרן קיין ארץ־ישראל.

דערווייל האָט די לופט אין די פּוילישע שטעט און שטעט־לעך אָנגעזאָגט אַ שטורם. די עסטרייכישע אימפּעריע איז צוזאַמענגעבראָכן. פּוילן איז געוואָרן זעלבסשטענדיק און פאַר גרויס פרייד האָבן פּוילישע סאָלדאַטן געריסן יידישע בערד און פּיאות און געפּלינדערט יידישע געשעפטן. באַזונ־דערס האָבן זיך אויסגעצייכנט די אַזוי גערופענע „האַלער־טשיקעס". אין אונדזער שטעטל איז אין יענער צייט אָרגאַ־ניזירט געוואָרן אַ זעלבסטשוץ פון יידישע סאָלדאַטן צוריק־געקומענע פון פראָנט, אָבער די פּוילישע מיליץ האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז דאָס קאָן זיין אַ שטערונג פאַר זייערע „כלאַפּצעס" צו רויבן יידיש האָב און גוטס, האָבן זיי די זעלבסטשוץ אַנטוואָפנט און אויפגעלעזט, אַזוי אַרום איז דער וועג פאַר פאָגראָמען געוואָרן פריי.

וכך הווה. עס האָבן זיך אָנגעהויבן „ראַזרוכעס". ד. ה. פּשוט גערעדט, פּאָגראָמען אויף יידן. טויזנטער פּויערן פון די אַרומיקע דערפער האָבן אָן שום שטערונג אָנגעהויבן אַ סיסטעמאַטישן רויב און אויסגעליידיקט אַלע געשעפטן. עס האָט פאַרנומען פיל, פיל צייט, ביז דאָס לעבן האָט זיך נאָר־מאַל איינגעשטעלט. די בעלי מלאָכות האָבן צוריק אויפגעש־טעלט זייערע וואַרשטאַטן, די סוחרים זייערע געשעפטן און די עקאָנאָמישע לאַגע האָט זיך סטאַביליזירט. דאָס קהילה־לעבן איז געפלאָסן רויק. יידן האָבן געגרינדעט סאָציאַלע חברות פאַר קראַנקע און אָרעמע, חברת „בקור חולים" חב־רת „תומכי עניים". דאָס אַלץ שלא על מנת לקבל פּרס. מיין פאָטער הערשעלע בירנבוים ז"ל און אויך אַנדערע בעלי בתים האָבן אָוועקגעגעבן אַ סך צייט דער דאָזיקער אַרבייט.

בכלל האָט דאָס שטעטל ראַזוואַדאָוו, וואָס דאָס רוב באַפעל־קערונג איז געווען אַ יידישע, געהאַט אַ נאָמען אין דער גאַנצער געגנט מיט אירע איבערגעבענע ציוניסטן, מיט איר געלונגענער באַגאַבטער יוגנט, מיט די „חלוצים" און מיט איר רעליגיעזער יוגנט. ס'רוב חובשי ביהמ"ד־יוגנט האָט זיך גרופּירט אַרום די „צעירי מזרחי"־אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז דורך אונדז געגרינדעט געוואָרן. איר לאָזונג איז געווען: ארץ ישראל, עם ישראל ואורייתא חד היא. מיר האָבן קובע עתים געווען צו לערנען גמרא און אַנדערע לימודי קודש אין בית המדרש און דאָס מיט ברען און התלהבות; דאַקעגן ציוניסטישע טעטיקייט האָבן מיר געפירט אין אונדזער לאָ־קאַל. מיר האָבן געפירט אַ פּרוכטבאַרע קולטורעלע אַרבייט און געווען אַקטיוו אין אַלע אונטערנעמונגען לטובת די נאַצ־יאָנאַלע פאָנדן, וועלכע זיינען דורכגעפירט געוואָרן בשות־פות מיט אַנדערע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס. אַ באַזונדער קאַפּיטל איז געווען השומר־הדתי — בני עקיבא יוגנט, וועל־כע איז אָרגאַניזירט און געפירט געוואָרן דורך די חברים: משה'לע זילבער ז"ל, מיין ברודער יהושע בירנבוים ז"ל וי־בדלו לחיים ארוכים מאיר פינגערהוט, משה וואַקס און אַנ־דערע. עס איז געקומען דער 1טער סעפּטעמבער 1939. ווען נאָר די געסטאַפּאָ איז געקומען קיין ראַזוואַדאָוו, האָט זי באַ־פוילן, אַז יידן זאָלן פאַרלאָזן די שטאָט און גיין — צו די רוסן. דעם צווייטן טאָג חוהמ"ס (ת"ש) 1939 באַלד פרי האָבן יידן אָנגעהויבן שטראָמען צום זאַמעל פּונקט־צום מאַרק. איך האָב אַרויסגעקוקט דורך די צוגעמאַכטע לאָדנס. דער מאַרק איז פול מיט מענער, פרויען און קינדער. מען שרייט נישט, מען וויינט נישט; עפּעס הערשט אַ רואיקייט, אַ גלייכגילטיקייט, אָדער אַ דערוואַרטונג אויף אַ נס, אַז די ערד זאָל זיך שפּאַלטן און אַריינגעמען דאָס גאַנצע שלעכ־טס. איך בין געשטאַנען צוגעשמידט צום פענצטער, נישט קאָנענדיק אויפהייבן קיין האַנט אָדער פיס, עפּעס האָט זיך נישט געוואָלט גלויבן, אַז מען קאָן נעמען אַ גאַנץ פרידלעכע אומשולדיקע באַפעלקערונג און באַזייטיקן זי פון אירע איינ־געזעסענע היימען און שיקן זי זוכען אַ היים. אויפגעוועקט פון די זיך אַריינרייסנדע אין שטוב געסטאַפּאָ־לייט: „הע־רויס, שנעלער הערויס". און אַזוי זיינען מיר אַרויס אין גאַס איבערלאָזנדיק אַ שטוב פול מיט אַלעם גוטן און אַ געשעפט, געפּאַקט מיט סחורות, און אַרויס ליידיק. און באַלד איז גע־פאַלן אַ באַפעל צו רירן און מען האָט אונדז געטריבן אין דער ריכטונג צום טייך סאַן. אין די ווינקלען־גאַסן איז געש־

טאַנען די קריסטלעכע באַפעלקערונג, באַגלייטנדיק אונדז מיט שפּאָט־בליקן און געלעכטער, וואַרטנדיק אַזוי ווי די היענעס אויף רויב. די אמתע בהלה האָט געהערשט ביים אַריבערשיפן זיך איבער דעם טייך, יעדער האָט געוואָלט ווי אמגיכסטן זיין אויף דער צווייטער זייט אַזוי, ווי מ׳אַנט־לויפט פון אַ מגפה, אָבער דאָ זיינען געשטאַנען געסטאַפּאָ און האָבן געניישטערט און צוגענומען, וואָס עס לאָזט זיך. אַזוי אַרום זיינען מיר אַריבער דעם סאַן, און זיינע וואַסערן זיינען געפלאָסען רואיק און גלאַטן, נישט פילנדיק דעם שטורעם פון אונדזערע הערצער, וועלכע זיינען געווען פול מיט צער און יאוש.

# אונדזער שטעטל

וואָלף ווייינשטאָק

נאָכן צוזאַמענברוך אין 1918 פון דער קייזערלעכער עסט־רייכישער אימפעריע, און דעם אַנטשטיין פון דער פוילישער רעפּובליק האָבן די האַלערטשיקעס פון האַלערס אַרמיי אַהיים פאַרנדיק פונעם פויליש באָלשעוויסטישן פראָנט, אַראָפּגיי־ענדיק פון דער באַן צוזאַמען מיט עטלעכע אַרטיקע כוליגאַ־נעס, אַדורכגעפירט אַ פּאָגראָם, איבערדרייענדיק אַלע יידישע טישלעך, סטראַגאַנעס, אין מאַרק, געריסן בערד ביי די יידן א.א.וו. צוקומענדיק צום רב׳ס בית־המדרש, ווו יידן האָבן געדאַוונט, האָבן זיי באַגעגנט אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד ס׳האָט זיי באַגעגנט מיט פּעטש רחל סופר (טאָבי אַדאַלעס טאָכטער), און די יידן, וואָס זיינען אַרויס פון בית המדרש.

ס׳איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ זעלבסטשוץ פון דעמאָבאַ־ליזירטע יידישע זעלנער; אין אַ שיינעם טאָג האָט דער שטאַטסקאָמענדאַנט אַנטוואָפנט די יידישע מיליץ, און דער־מיט דערמעגלעכט דעם פּאָגראָם. עס זיינען דאַמאָלס גוט צעשלאָגן געוואָרן הענעך וויזן, און מוישע אלטערס (לייב־לער׳).

אין דער צייט איז אַנטשטאַנען די פּועלי־ציון־פּאַרטיי. אַ גאַנץ גרויסע צאָל חברים אַרבעטער, בעלי־מלאכה, האָבן פאַרלאָזט די אַלגעמיינע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט שוין עקזיסטירט פון פריער, מיטנעמענדיק אַביסל איינ־ווענטאַר און אַביסל ביכער. אין דער פערוואַלטונג פון דער פּאַרטיי זיינען אַריין שיינצי ראַטענבערג, (שלמה ראַטענ־בערגס טאָכטער) יעקב פלוס, דוד פלוס, לייב רייכנטאַל (פלוס), מאַשקע שויער, דוד אנהיזיגער, בערל רייס, אברהם פּאַס, מיט ישראל עלי אבטעלאָן אַלס פאָרזיצער.

די גאַס פון די פּאַכלייט, וואָס איז באַשטאַנען כמעט פון איין משפחה, איז אָנגערופן געוואָרן צוליב דעם די גאַס פון די יואליס; אַז עס איז פאָרגעקומען אַ שמחה, האָט מען זיך געווונטשן, איה״ש ביי מיין יואל און ביי דיין יואל.

די גאַנצע אינדוסטריע אין אונדזער געגנט אין די דאַמאָלס־דיקע צייטן איז באַשטאַנען פון איין טאַרטאַק, וועלכער איז געווען פאַרפאַכטעט צו אַ ייד, וועלכער האָט נישט גערן צו־גענומען יידישע אַרבעטער, ערשטנס האָט ער געהאַט ביליגערע אַרבעטער, קריסטן פון דער דאָרפישער באַפעלקערונג, צווייטנס צוליב פּאָליטישע טעמים.

ביי די פּועלי ציון פלעגן פאָרקומען פאָרלעזונגען אויף פּאָליטישע און ליטעראַרישע טעמעס. די אַלע פאַרלעזונגען האָט באַזוכט אַ גרויסע צאָל חברים ווי אויך סימפּאַטיקער פון דער פּאַרטיי. די פּאַרטיי האָט אויך גענומען אַן אַקטיו־ן אַנטייל אין קהל, אין געמיינדע (שטאַטראַט); אין די וואַלן צום סיים, און האָט אין אַסך פראַגן מיטגעאַרבעט מיט דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. אין דעם פּאַרטיי־לאָקאַל האָט מען זיך אויסגעלעבט געזעלשאַפטלעך, מ׳האָט געלייענט פאַרשידענע צייטונגען, טעגלעכע און זשורנאַלן, דעם „מאָ־מענט״, „פאָלקס־צייטונג״, „ליטעראַרישע בלעטער״, און אַנדערע; מ׳האָט געשפּילט אין שאָך, פינג־פּאָנג, עס איז אויך טעטיק געווען אַ דראַמ. קרייז, אונטער דער לייטונג פון יוסל האקל, שמואל סאַפיר, לייב רייכנטאַל (פלוס), יעקב פלוס, פון צייט צו צייט האָט מען אַדורכגעפירט פאַרשטע־לונגען פון יידישע דראַמאַטורגן, אנסקי, פּרץ הירשביין, און אַנדערע. עס זיינען אויך פאַראַנשטאַלטעט געוואָרן טאַנץ־אָוונטן, און זאַמלונגען פאַרן נאַציאָנאַל־פאָנד, די הכנסות פון די אַלע אימפּרעזן זיינען געגאַנגען אויף פאַרגרעסערן די ביבליאָטעק.

עס איז אויך אָרגאַניזירט געוואָרן אַ יוגנט־גרופּע, מיט מייליך ראַטענבערג אין דער שפּיץ, און דוד שייער אַלס סעק־רעטאַר. דאָס אַלץ האָט נישט לאַנג געדויערט. דער גרעסטער טייל פון די מיטגלידער איז אַוועק קיין אויסלאַנד, צי אין אַנדערע שטעט, אויף אַזאַ אויפן איז די פּאַרטיי ליקווידירט

געוואָרן פון זיך זעלבסט. אָבער ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און די געציילטע איבערגעבליבענע האָבן גענומען אָרגאַניזירן די יונגע גרופּע „יוגנט", וואָס האָט פאָרטגעזעצט די אַרבעט. נאָך דער שפּאַלטונג פון פּועלי ציון אין 1924 זיינען זיי אַריבער צו די לינקע פּועלי ציון. מ׳האָט איבערגענומען דעם אינווענטאַר און די ביבליאָטעק, מיט וועלכער ווײנשטאָק וואָלף האָט אָנגעפירט, ביז זי איז געוואָרן ליקווידירט דורך דער מאַכט און איבערגעגעבן געוואָרן דער קהילה אין 1937. מיט אַ צייט שפּעטער איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ יידישע שול, איר לייטער איז געווען יעקב פלוס, וועלכער האָט זיך פאַרבונדן מיט ציישאָ. יידישע ליטעראַטור און געשיכטע האָט געלערנט יעקב פלוס, יידיש שרייבן דוד שייער, פּויליש — בעריש רייך, אַריטמעטיק עוזר אנהיי־גער, אויך דאָס האָט נישט מאַריך ימים געווען, צוליב דעם וואָס מ׳האָט נישט געקענט באַקומען קיין לעגאַליזאַציע פון דער מאַכט. נאָך אַ קורצער הפסקה בעת אַ באַזוך אין שטאָט פון דעפּוטאַי׳ קאַרל אייזנשטאַט, וועלכער איז געוויילט געוואָרן אין אונדזער ראַיאָן, האָט אים באַזוכט אַ דעלעגאַציע פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע, די חברים: יעקב פלוס, לייביש רייכנטאַל (פלוס), אַברהם גאָלדמן און דוד שייער, און געבעטן דערלעדיקן די לעגאַליזאַציע. ער האָט אינטערווענירט אין דער לעמבערגער וואַיעוואָדזטווע. דאָס האָט געשטאַרקט דעם באַזיס פון אונדזער טעטיקייט. עס זיינען אַריין אין דער פאַרוואַלטונג פון דער פּרץ־ביבליאָטעק פרישע חברים; דוד שייער, ישראל קילער, עוזר אנהיזיגער, ווײנשטאָק וואָלף, חיה רבקה אייכנבוים (פלוס), יוסף אויסיבל, יוסל גראָס. מ׳האָט אָרגאַניזירט פון צייט צו צייט פאַרשידענע פאָרלעזונגען פון אייגענע כוחות, (שמואל סאַפּיר) און פרעמדע. מ׳האָט אויך אַראָפּגעבראַכט פון די גרעסערע שטעט רעפערענטן: יואל מסטבוים, ש. יוריס, שניידערמאַן, פּיעקאַזש, און אַנדערע. פון די הכנסות האָבן מיר איינגעקויפט אַלע נייעסטע ביכער. מיט דער צייט האָבן מיר געהאַט הן אַ גרויסע צאָל ביכער ווי אויך לייענער אַסאַך.

כ׳וויל אויך דאָ דערמאָנען ספּעציעל ישראל וויזן ז״ל הערש וויזנס זון, וואָס האָט פיל געהאָלפן אונדזער ביבליאָטעק.

מיט דער צייט זיינען די גרינדער פון דעם פּרץ־פאַראיין אַוועק פון דער לייטונג. דאָס איז געווען אין די יאָרן 1932—1937. עס זיינען געקומען יינגערע חברים, משה אנהיזיגער, געקומען פון ווילנע, געלערנט אין גימנאַזיע דאָרט, געמוזט איבעררייסן דאָס לערנען צוליב פינאַנסיעלע טעמים; חנינה העלער, וועלכער האָט געאַרבעט ביי יוסל נויעכס אַלס שניידער, עלי זילבערמאַן, יידל שפּרינגער, די אַרבעט איז אַוועק אויף אַנדערע רעלסן, דאָס איז געווען אין דער צייט נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט, עס האָט אָנגעהויבן בלאָזן מיט שטאַרקע אַנטיסעמיטישע ווינטן.

צוליב פאַרשידענע סיבות איז די קליינע צאָל יידן וואָס איז געווען באַשעפטיקט און געלעבט אין די דערפער, געמוזט פאַרלאָזן זייערע וווינערטער און אַריבער די דערנעבנדיקע שטעטלעך. דער גרעסטער טייל יידן פון דער שטאָט האָט באַדאַרפט ציען פרנסה פון די פּויערים קריסטן, וואָס זיינען געקומען אויף די ירידים צו פאַרקויפן זייערע אגראר־פּראָדוקטן, און איינקויפן ביי די יידן פון דער שטאָט אַלע אַרטיקלען פאַר זייער געברויך. די יידישע באַפעלקערונג איז די לעצטע יאָרן, מיט קליינע אויסנאַמען, נישט צוגעלאָזן געוואָרן צו קיין שום מלוכה׳שער באַשעפטיגונג. דאָס אַלעס האָט משפּיע געווען אויף די יידישע לינק־געשטימטע אַרבעטער. אונטער דעם דעק־מאַנטל פון דער פּרץ־ביבליאָטעק, האָט זיך דער יונגער אקטיוו פאַרבינדן מיט דער אומלעגאַלער קאָמוניסטישער באַוועגונג אין ריישע, און אויסגעפירט אַלע אירע אָנווייזונגען, און אויפגאַבן. מ׳האָט פאַרשפּרייט, אין די אַרימיקע דערפער, ווי אויך אין דער שטאָט אומלעגאַלע ליטעראַטור, זיי זיינען אויך געווען פאַרבונדן מיט דער קריסטלעכער פּוילישער ראַדיקאַלער באַוועגונג, מ׳האָט אָנגעהויבן אבאנירן די לינקע צייטונגען און זשורנאַלן „דער פריינד" אין יידיש און אין דער פּוילישער שפּראַך, און אַנדערע אומלעגאַלע אויסגאַבן וואָס זיינען אַרויס. אין דער צייט זיינען צוגעקומען נייע חברים, חלוצים, דעפּאָרטירטע פון א״י דורך דער ענגלישער מאַנדאַטאַר־מאַכט פאַר קאָמוניסטישער טעטיקייט. דאָס זיינען: לייביש קאַרפּף (בירנבוים), געפאַלן אין קאַמף געגן די פאַשיסטן אין שפּאַניען, באַזשי זילבער און מוישינקע זילבער. באַזשי איז אומגעקומען אין לעמבערג. מוישינקע זילבער געפינט זיך היינט צוטאָג אין אַמעריקע.

דער יונגער אַקטיוו איז געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיטן „אַגרוד" וועלכע האָט געהאַט אינפאָרמאַציעס וועגן דער מעגלעכקייט פון דער איינוואַנדערונג קיין בירא בידזשאַן. עס איז אויך טעטיק געווען דער „מאָפּר", הילף פאַר פּאָליטישע אַרעסטירטע. דער גאַנצער אַקטיוו איז אין 1937 ליקווידירט געוואָרן דורך דער פּאָליציי, דאָס זיינען: (1) משה אנהיזיגער, וועלכער איז אָפּגעזעסן 3 יאָר תפיסה אין ריישע, אַרויס אויף דער פריי נאָך מוטיקער, געפאַלן אין קאַמף צוזאַמען מיט דער הברטע סורטשע לינדענבוים אין לעמבערג אין 1941 יאָר בעת דעם אָנפאַל אויף ראַטנפאַרבאַנד; (2) חנינה העלער (פּראַסט) אָפּגעזעסן אַן אורטייל פון 3 יאָר אין ריישע אַרויסגעקומען פון דאָרט נאָך מער איבערגעגעבן

דער אַרבעטער זאַך, געפינט זיך היינט אין ישראל; (3) יידל שפּרינגער, געפינט זיך היינט אין לאַנד.

באַלד נאָכדעם איז דעלעגאַליזירט געוואָרן די „פּרץ־ביבליאָטעק", און דער גאַנצער אינווענטאַר אין די ביבליאָטעק האָט איבערגענומען די קהילה; מיט דעם איז פאַרענדיגט געוואָרן די טעטיקייט פון דער פּרץ־ביבליאָטעק.

די לעצטע יאָרן פאַרן קריג איז אין דער אומגעבונג פון דעם שטאָט אַנשטאַנען דער „צאָפּ", דער צענטראַלער ראַיאָן פאַר אינדוסטרי. דאָרט זיינען געווען באַשעפטיקט אַ גאַר גרויסע צאָל פּוילישע אַרבעטער. דאָס האָט געשאַפן אַ שטיקל קאָניונקטור ביי דער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט, דער פדיון האָט זיך געהויבן ביי די סוחרים, און בעלי מלאָכה׳ס, און די אָרטיקע פּוילישע אַנטיסעמיטן האָבן שוין דעמאָנסטרירט און געקלעפּט לאָזונגען אויף די ווענט ("Cop bez Żydow"), (דער צענטראַלער ראַיאָן אָן יידן), ("Swój do swego") אין אַנדערע נאַציִשן לאָזונגען.

נישט לאַנג נאָך דער אָקופּאַציע פון דייטשן מיליטער פון אונדזער שטאָט, זיינען דער גרעסטער טייל יידן פון ראָזוואַדאָוו אַרויסגעטריבן געוואָרן אויף דער צווייטער זייט פון סאַן, אַ גאַנץ קליינער טייל זיינען איבערגעבליבן אין די דערנעבנדיקע דערפער, דאָס זיינען געווען עלטערע מענטשן און קראַנקע וועלכע זיינען נישט געווען אימשטאַנד צו וואַנדערן, אָבער דער גרעסטער טייל פון אונדזער שטאָט, האָט זיך צום גליק געפונען אין לעמבערג. בעת אַ רעגיסטראַציע פון די וואָס ווילן צוריק אַהיים פאָרן צו די דייטשן, האָט דער גרעסטער טייל זיך פאַרעגיסטרירט צוריק אַהיים צו פאָרן, נאָכן פאַרענדיקן די רעגיסטראַציע האָט די מאַכט צוגעשטעלט עשאַלאָנען, און אַלע יידן פון פּוילן איבערגעפירט אין טיפן רוסלאַנד ווו אַ קליינער טייל איז אויסגעשטאָרבן. דער גרעסטער טייל האָט אויסגעהאַלטן דעם מלחמה־קאַשמאַר, און דער ווייט גרעסטער טייל פון זיי געפינט זיך היינט צו טאָג אין ישראל.

כ׳וויל דאָ דערמאָנען עטלעכע מענטשן, מיט וועלכע מיר האָבן זיך אַסאַך מאָל צוזאַמענגעטראָפן אין באַרירט פערשידענע אַקטועלע פּראָבלעמען פון דעם יידישן לעבן בכלל דוד לייב בלימאַן, בעריש מאַלער, אַ געזעלשאַפטלעכער עסקן, אַ לאַווניק אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, אַן אַקטיווער מיטגליד אין דער ציוניסטישער באַוועגונג; אומגעקומען צוזאַמען מיט דער משפחה; זיסל צין — אַן האַנטווערקער, דאַזאַר אין דער קהילה, געפירט אַ עקשנותדיקן קאַמף פאַר לינדערן די שטייערן פון די בעלי־מלאָכה׳ס, פאַרזיצער אַ געוויסע צייט פון האַנטווערקער פאַריין, וועלכער האָט אויך געהאַט אָרגאַניזירט אַ קאָנסום, וואָס האָט נישט לאַנג אַנגעהאַלטן. ער געפינט זיך היינט צוטאָג אין אַמעריקע.

חיים אפרים אנהיזיגער, אַ עמך־ייד, אַ בעל־מלאָכה אָפּגעאַרבעט דעם טאָג, דערנאָך גענומען אַ ספר אין דער האַנט. מיט דעם האָט ער געענדיקט זיין טאָג טעגלעכע אַרבעט. אין משך פון לאַנגע יאָרן האָב איך נישט געהערט קיין הויך וואָרט פון דעם ייד, אומגעקומען מיט דער טאָכטער טאָבי אנהיזיגער אין זאַקליקוו; יוסל לינזענבוים געפירט אַן אָפן הויז, ווער עס איז אַריינגעקומען הונגעריק, איז אַרויס אַ זאַטער; ספּעציעל אַרימע־לייט פון דער פרעמד. זיין הויז האָט זיך געפונען נעבן בית המדרש, אין דער שול, און אויב עס האָט זיך דאָרט געפונען אַן אָרימאַן, וואָס איז געבליבן אָן אַ נאַכטמאָל, האָט מען אים אַריינגעשיקט אָדער בעסער צוגעפירט צו יוסל קצב, און עס איז נישט געווען אַזאַ פאַל, אַז עמעצער זאָל נישט קריגן אָפּצועסן.

די פרוי זיינע מעכטשע, אַליין אַ קראַנקע, פלעגט גרייטן דאָס עסן, וואָס האָט קיינמאָל נישט אויסגעפעלט, אומגעקומען מיט דער טאָכטער ביילי מיט איר משפחה, ווען זי האָט געפירט די קראַנקע מוטער אין מיטן גאַס.

מייער קאַטץ, אַזוי פיל איידלקייט און געדולד, אַלע אָרימע־לייט וואָס האָבן אַדורכגעוואַנדערט די שטאָט און זיי איז אויסגעקומען צו איבערנעכטיקן אין שטאָט, איז דאָס געווען ביי אים, אין טישלער וואַרשטאַט, געהאַט גענוג אויסצושטיין פון זיי, און אַלעס פאַר ליב גענומען. דעסגלייכן זיין ברודער לייביש קאַטץ געשטאָרבן אין רוסלאַנד; יוסל לאַסט אַ פאַלקס־מענטש. אויב אַ בעל־מלאָכה האָט זיך גענויטיקט אין אַן הלוואָה פון דער האַנט, האָט מען געוווּסט די אַדרעס: יוסל לאַסט. און מ׳האָט עס גלייך באַקומען. אַז עס פלעגט קומען דער ווינטער מיט די שטאַרקע קעלטן, האָט ער אַהיים געשיקט די נויטבאַדאַרפטיגע האָלץ צום הייצן, אומגעקומען מיט דער משפחה. שמואל שעכטער, אַ שוסטער, ביי וועלכען איך האָב אַ געוויסע צייט געאַרבעט מיט אַ 43 יאָר צוריק אין 1922 נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. אַז עס איז געקומען דער טאָג דאָנערשטיק פלעגט ער אַוועקלייגן די גאַנצע אַרבעט און גענומען נאָך אַ ייד צו זיך און געגאַנגען צוזאַמענגעמען אויף שבת פאַר יידן, וועלכע האָבן זיך גענויטיקט אין דעם. וואָס אַ אמת, דאָס ווייב זיינע איז נישט געווען זייער צופרידן פון דעם, ווייל זי אַליין אַלס בעלת־בית פון שטוב האָט גענוג שווער געקעמפט פאַר פרנסה. און אַזעלכע יידן וואָלט מען געקענט אויסרעכענען אַ היפשע צאָל, דער ווייט גרעסטער טייל פון דער שטאָט זיינען געווען געבונדן ווי איין משפחה מיט אָן אויסנאַם פון אַפאָר מאַשקעס.

כ׳וויל אויך דאָ פאַראייביקן אַ פאָר חברים, וואָס האָבן

מיט אַ עקשנעסדיקן ווילן אַנגעפירט די פּרוכטבאַרע און נוצלעכע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע קולטור־טעטי־קייט און געפאַלן אין דער צווייטער וועלט מלחמה.

(1) לייב קאַרפּף בירנבוים געפאַלן אין שפּאַניען
(2) שמואל סאַפּיר (מאַנגאַל) געפאַלן אין לעמבערג, 1941
(3) באַזשי זילבער געפאַלן אין לעמבערג, 1941
(4) לייביש רייכנטאַל (פלוס) געפאַלן אין דער באַפ־רייאונג־מלחמה 1948 אין ירושלים
(5) יעקב פלוס, געשטאָרבן אין ראַטנפאַרבאַנד
(6) דוד שייער, געשטאָרבן אין ראַטנפאַרבאַנד
(7) ישראל קילער אומגעקומען אין פראַנקרייך.

# די געשיכטע פון שטעטל

דב האוזער

**די רביים**

דאָס שטעטל איז אַ יוצא מן הכלל. ווער עס איז געווען דאָ אַמאָל פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט געקענט זען, ווי דאָס שטעטל איז אַ קליין ארץ ישראל.

אַזוי ווי עס איז געקומען דער פרייטיג, ווערן די געשעפטן געשלאָסן; פון 12 אַזייגער ביי די פרומע יידן און ביי די נישט פרומע — שפּעטער. פּאַרנאַכט זעט מען יידן אין קאַ־פּאָטעס און שטריימלעך צוזאַמען מיט זייערע קינדער גיין צום דאַווענען.

אין שטעטל איז געווען אַ בית־המדרש, דער היכל הקודש. מען האָט געקענט דאָרט הערן יומם־ולילה לערנען תורה. געדאַווענט אין דעם בית המדרש האָבן די שיינע, ערלעכע און אַנגעזעענע בעלי־בתים, ווי אויך די חסידים פון רבי משה׳לע האָראָוויץ.


הרבי ר׳ משה׳לה,
הנכד של מייסד החצר ההורוביצי

אין שטעטל זיינען געווען 2 רבנים, צוויי ברידער, די זין פון באַוווסטן גאון און תלמיד־חכם דער רבי רב אפרים האָראָוויץ ז״ל.

הרב נפתלי האָראָוויץ און הרב משה׳לע האָראָוויץ. האָבן געלעבט צווישן זיך נישט בשלום, זיי האָבן איינער מיטן צווייטן נישט גערעדט. יעדער פון זיי האָט געוואָלט צוציען צו זיך וואָס מער חסידים. איינער איז נישט געקומען אין תחום פון צווייטן. פונדעסטוועגן, ווען עס איז געקומען פּורים, האָבן זיי זיך געשיקט משלוח־מנות.

דאָס שיקן משלוח־מנות האָט זיך אויסגעלאָזט צו די בעלי־בתים׳ס קעשענע. ווייל זיי האָבן געדאַרפט שיקן דיביידע רבנים, ווייל אויב זיי שיקן בלויז צו איין רבין און דעם צווייטן נישט, וועט עס הייסן, אַז מען פאַרשעמט אים, האָט מען געשיקט צו ביידע רבנים.

פאַרוואָס זענען די צוויי ברידער־רבנים געווען ברוגז ?

ווען דער רבי ר׳ אפרים׳ל דער פאָטער איז נפטר געוואָרן, איז געבליבן אַ גרויסע ירושה, און קיין צוואה איז נישט


על קבר אבות (הרבי ר׳ הרשלה עם החסידים)

געווען. און אַזוי ווי דער רבי רב נפתלי איז געווען דער עלטערער, האָט ער געוואָלט אַ גרעסערן חלק פון דער ירו־שה, און דער יינגערער רב משה׳לע האָט געוואָלט אַז מען זאָל צעטיילן די ירושה אויף גלייך. סוף הדבר: דער רבי רב נפתלי האָט באַקומען 2 דריטל פון דער ירושה, און דער רבי רב משה׳לע האָט באַקומען בלויז איין דריטל, און דאָס האָט געברענגט צו אַ מחלוקת. און במילא זיינען די בעלי בתים פון שטאָט אויך צעטיילט געוואָרן אויף צוויי מחנות.

ווען עס איז געקומען אַ יום־טוב און די חסידים פון דער געגנט זיינען געקומען צו די רביים, האָט מען געקענט זען דעם אונטערשייד פון די רביים׳ס סימפּאַטיקער. דער רבי רב משה׳לע האָט געהאַט מער חסידים; כמעט צוויי דריטל שטאָט בעלי־בתים האָבן שטאַרק גערן געהאַט דעם רבי׳ן רב משה׳לע. דאָס הדרת פּנים פון דעם רבין און זיין שכל, און זיין יראת שמימדיק פּנים האָט געקענט צוציען חסידים. זיין בית־המדרש איז געווען זייער שיין. שיינע הויכע ווענט מיט הויכע לאַנגע פענסטער.

איך גופא האָב געהאַט אַ סימפּאַטיע צום רבין רב נפתלי, ווייל מיין פאָטער ז״ל איז געווען זיין חסיד, אָבער דעם רבין רב משה׳לע האָב איך באַזוכט, ווען איך בין אַלט גע־ווען 10 יאָר. מיין מוטער האָט געוואָלט, דאָס איך זאָל גיין ברוח התורה, האָב איך געמוזט גיין יעדן שבת אין רב נפתליס בית מדרש דאַווענען און נאָך דעם בין איך גלייך געגאַנגען צו דעם רב׳ס טיש, און זיך אַוועקגעזעצט ביי דעם רב׳ס רעכטע האַנט, און אונטערגעהאָלפן דעם רבין ביים זינגען דעם שלום עליכם, מיטן אשת־חיל. דער רבי האָט געזונגען די נגונים פון זיין פאָטער רב אפרים׳ל ז״ל, זייער שיינע און מאַנאטאנע נגונים. דער רבי האָט געהאַט זייער אַ שיין קול און אַ הויך קול, דער קול איז געווען פשוט ווי אַ קול־השופר. אויך האָט דער רבי געמאַכט פאַרשידענע מינעס ביים זינגען. איך האָב געמיינט, אַז ער איז אין הימל און ער רעדט דאָרט מיט מלאכים. ער פלעגט אויך זינגען מיט פאַרמאַכטע אויגן, בכדי ער זאָל קענען זאָגן די ווער־טער מיט מער כוונה. ווען איך האָב געגעבן אַ בליק אויף דעם רבינס פּנים, האָב איך געזען, ווי די שכינה וואָלט גע־רוט אויף אים. ווען דער רבי האָט פלוצלונג געגעבן אַ מאַך אויף די אויגן, האָב איך זיך פשוט דערשראָקן. ס׳האָט זיך געדאַכט, ווי ער וואָלט געהאַט א שמועס מיטן רבשל״ע און פלוצלונג האָט ער איבערגעהאַקט דעם שמועס.

ווען דער רבי האָט געזונגען דעם „אשת־חיל״ מיט דעם האַראָוויצער ניגון, האָט מען געקענט פילן ווי די ווענט זינ־גען מיט.

ענדיקנדיק דעם „שלום עליכם״ — האָט דער רבי געמאַכט אַ הפסקה אויף אַ שעה און זיך גענומען אַ ביסל לערנען תורה און איך בין געגאַנגען צו זיך אַהיים מקבל שבת זיין, נאָך דעם בין איך געגאַנגען צום רבינס טיש.

צום רבינס טיש זיינען געקומען שיינע און אָנגעזעענע בעלי־בתים. אַלע טעג פון דער וואָך האָבן זיי געמאַכט שיינע געשעפטן, און שבת האָבן זיי הנאה געהאַט פון רבינס טיש, צוגעהערט זיך צום רבינס שיינע זמירות, געכאַפּט שיריים און צוגעשטעלט ביער.

ס׳איז געווען אַ גרויס תענוג צו זיצן ביים רבינס טיש. באַזונדערס ווען דער רבי האָט געזאָגט תורה און פאַרשי־דענע פשטלעך מיט אַזוי פיל חכמה און פאַרשטאַנד, אַז אַפילו דער גרעסטער אַנאַלפאַבעט האָט אים געקענט פאַרשטיין.

נאָכן תורה האָט מען זיך גענומען צו גשמיות; מ׳האָט געעפנט אַ פעסל ביער און דער עולם האָט זיך געלאָזט וואָוילגיין, כדת וכדין. ביים רבינס טיש האָט מען געקענט פאַרברענגען ביז 2 אַזייגער ביינאַכט, נאָכדעם איז זיך יע־דער געגאַנגען צו זיך אַהיים באַגייסטערט.

### מיין אָנהייבן גיין אין שול

ווען איך בין אַלט געוואָרן 5 יאָר, און דער מנהג איז געווען ביי אונדז אין שטעטל, אַז בן חמש למקרא, האָב איך אָנגע־הויבן לערנען חמשה חומשי תורה. עס איז געווען אין שטע־טל אַ ספּעציעלער רבי פון חומש. אַ יוצא מן הכלל איז ער געווען. אַ גרויסער קפּדן. ער האָט ליבט געהאַט הויך צו שרייען און אַפילו צו שלאָגן איבער די הענט מיט אַ קאַנט־שיק, איך האָב קיינמאָל נישט אַריינגעכאַפּט קיין קאַנטשיק, און קיינמאָל האָט ער מיך נישט געשלאָגן.

ווען איך האָב שוין באַהערשט חומש מיט רש״י, האָב איך אָנגעהויבן צו גיין צו אַ בעסערן רבין. ביי דעם רבין האָב איך שוין אָנגעהויבן לערנען גמרא, דקדוק און תנ״ך. דאָן האָב איך שוין געהאַט 7 יאָר. די פוילישע שולע האָט מיר נאָך מוסיף געווען. איך האָב פשוט געלערנט יומם ולילה. אויפגעשטייענדיק 7 אינדערפרי — האָב איך געדאַרפט צו־צוגרייטן צום גיין אין דער פוילישער שולע, זייענדיק דאָרט ביז 12 אַזייגער. קומענדיק אַהיים אויף מיטאָג האָב איך גע־האַט נאָך צייט אויף אַ האַלבער שעה צום עסן און שוין געמוזט ווייטער צוגרייטן זיך צום גיין אין חדר אַריין. אין חדר בין איך געזעסן ביז שטאָק אין דער נאַכט, ביז 9 אַזיי־גער. דאַמאָלט ערשט האָב איך זיך געמוזט צוגרייטן צום יידישן חדר און צו דער פוילישער שול. איך האָב געהאַט אַזאַ מישמאַש מיט׳ן לערנען.

ווען איך האָב שוין סוף סוף באַשלאָסן צו גיין שלאָפן,

בין איך נישט געשלאָפֿן, נאָר די אַלע אויפֿגאַבעס זיך גע־חזרט אין בעט, און חזרנדיק די אויפֿאַבעס בין איך איינ־געשלאָפֿן און האָב געחלמט נאָר פֿון שולן און אויפֿגאַבעס.

בײַ דעם רבין, וואָס איך האָב בײַ אים געלערנט גמרא, איז מיר נאָך געווען מיטצולײַדן, ווײַל אין יידיש האָב איך גיכער באַגריפֿן און בין געגאַנגען פֿאָרויס אין לערנען. ווען איך האָב שוין געהאַט גוט באַהערשט די גמרא, האָב איך אָנגעהויבן צו גיין צו נאָך אַ בעסערן רבין, וועלכע די שיינע בעלי בתים, וועלכע האָבן געוואָלט דאָס זייערע קינדער זאָלן זיך גוט לערנען, האָבן אַראָפּגעברענגט פֿון אַ געוויס שטעטל יאַנוב. דער רבי האָט געהאַט מיט זיך אַ צוהעלפֿער, זיינס אַ ברודער. דער רבי האָט געהאַט באַזונדערע מנהגים און שיטות פֿון לערנען, בײַ דעם רבין האָב איך געלערנט גמרא רש״י און תוספות, און אַפֿילו טייל מאָל גמרא אוי־סעווייניק. דער רבי האָט געלערנט די תלמידים צו גיין אין וועג פֿון רוח התורה. יעדער תלמיד האָט געמוזט גיין אין אַ סאַמעטן היטל. מען האָט געמוזט הארכן דעם רבי׳ן, אַלעס וואָס ער האָט נאָר געהייסן. דער בעלפֿער האָט געהאָלפֿן ביים אַרויסגעבן די אויפֿגאַבן די תלמידים.

איך בין געגאַנגען מיט אַ כתה פֿון אַ 10 תלמידים. די בעס־טע פֿון חדר.

דער סדר היום פֿון לערנען איז געווען, אַז יעדן טאָג האָט מען געדאַרפֿט אַ דורך לערנען דריי ביז פֿיר דפֿים גמרא מיט רש״י. דער רבי האָט מיט אונדז אַדורכגעלערנט די דפֿים איבערן טאָג, און אויף צומאָרגנס האָט יעדער תלמיד גע־דאַרפֿט שוין קענען די 4 דפֿים פֿאַרלייענען פֿאַרן רבין. דער בעלפֿער האָט אַרויסגעקליבן די גאָר בעסטע פֿון דער כתה און האָט גענומען מיט די תלמידים לערנען איבערשטונדן, ד.ה. 4 פֿאַרטאָג האָבן זיך די געציילטע תלמידים, און איך צווישן זיי, געמוזט אויפֿהייבן און געגאַנגען לערנען נאָך אַ פּאָר דפֿים גמרא.

ווען דאָס גאַנצע שטעטל איז נאָך געשלאָפֿן אין זיסן שלאָף, זיינען מיר עטלעכע תלמידים שוין געשטאַנען אויף די פּיס מיט דער גמרא אונטערן אָרעם און געגאַנגען אין בית־המדרש. מיר האָבן זיך צוזאַמען געטראָפֿן מיט בעלפֿער און זיך אַוועקגעזעצט לערנען. געלערנט האָט מען ביז 6 אין דער פֿרי; ווען דער עולם האָט שוין אָנגעהויבן צו קומען צום דאַווענען, האָבן מיר תלמידים איבערגעהאַקט דאָס לער־נען און זיך גענומען מיטדאַווענען בציבור. דערנאָך איז זיך יעדער געגאַנגען אַהיים עסן פֿרישטיק. מיין פֿרישטיק איז געווען כאַפּענדיק, אַ זעמעלע אָנגעשמירט מיט פּוטער און באַלד געמוזט לויפֿן אין דער פּוילישער שולע.

איך האָב געמוזט גיין דאַווענען 2 מאָל אַ טאָג. אינדערפֿרי און ביינאַכט, געלערנט האָב איך אויך בײַ חסידישע רביים. אויב איך בין נישט אַמאָל געגאַנגען צום דאַווענען, האָב איך אויף צומאָרגנס אַריינגעכאַפּט שלעק פֿון רבין. וועגן גיין אין אַ קינאָ אָדער טעאַטער האָט מיר גאָרנישט געטאָרט קו־מען אויף די געדאַנקען. ווײַל ווער עס איז געגאַנגען אין קינאָ אַריין, האָט באַקומען גרויסע שלעק פֿון רבין און אַ שטראָף. די שטראָף איז געווען, אַז אַלע תלמידים האָבן גערודפֿט דעם באַשטראָפֿטן, נישט גערעדט מיט אים און אָנגעטאָן אים פֿאַרשיידענע צרות.

איך געדענק דאָס עס האָט איינמאָל געשפּילט אין שטעטל אַ טעאַטער „דער דיבוק״, איז איין תלמיד אַוועק פֿון לער־נען און געגאַנגען אין טעאַטער.

אויף צומאָרגנס ווען דער תלמיד איז געקומען אין חדר אַריין און דער רבי האָט געדענקט, אַז ער איז נעכטן נישט געווען ביים לערנען, האָט דער רבי אים געפֿרעגט, פֿאַר וואָס ער איז נעכטן נישט געווען ביים לערנען, און ווו ער איז געווען, דער תלמיד האָט נישט פֿיל געקלערט און האָט דער־ציילט, אַז ער איז געווען אין טעאַטער אויפֿן „דיבוק״.

דאַן איז דער רבי געוואָרן שטאַרק אין כעס און האָט גע־נומען דעם תלמיד און האָט אים אויסגעצויגן אויף דער ערד, ער האָט אים געטראַטן, געשלאָגן און גערופֿן אַלע תלמידים, אַז יעדער זאָל אים געבן מלקות אַ שטראָף.

דער תלמיד פֿון אַזוי פֿיל שלעק האָט אָנגעהויבן צו שריי־ען, אַז ער וועט שוין מער נישט גיין אין טעאַטער, און אויך נאָך די שלעק האָט מען דעם תלמיד אָנגעהויבן שטאַרק צו רודפֿן און פּיינט געהאַט. אַזאַ דיסציפּלין האָט געהערשט אין דעם חדר, וואָס איך בין געגאַנגען.

איינמאָל האָט זיך אַ תלמיד געמאַכט אַ בילד מיט זיין שוועסטער און אירע חברות צוזאַמען. און דאָס בילד האָט דער פֿאָטאָגראַפֿיסט אַרויסגעשטעלט אויף דער וויסטאַווע, האָבן איינציקע פֿון די תלמידים דערזען דאָס בילד, דאַן האָט דער תלמיד מער נישט געדאַרפֿן.

די תלמידים האָבן אים אָנגעהויבן רודפֿן און פּיינט האָבן און מען האָט דעם תלמיד נישט געגעבן קיין מנוחה און רו.

יעדער תלמיד האָט געמוזט אָפּגעבן אַ דין וחשבון, ווי אַזוי ער פֿירט זיך אויף אין דער היים און אויף דער גאַס, וויפֿל מאָל ער הארכט זיינע עלטערן אין טאָג און צי ער האָט זיך גוט אויפֿגעפֿירט. אויב דער תלמיד האָט זיך נישט גוט אויפֿגעפֿירט אין דערהיים ווי עס דאַרף זיין, דאַן האָט ער באַקומען זיין שטראָף. אויך ווען עס איז געקומען די צייט פֿון דאַווענען מנחה, מעריב האָבן אַלע תלמידים געהאַט אַ באַזונדערן טיש אין בית המדרש, און געמוזט אַוועקזעצן זיך און אַלע האָבן געמוזט נאָכענטפֿערן צוזאַמען נאָכן חזן

„ברוך הוא וברוך שמו" — „אמן", און ווער עס האָט נישט געענטפערט, האָט מען שוין געהאַט אויף אים אַן אויג.

ווען עס איז געקומען דער שבת, האָט זיך יעדער תלמיד געמוזט צוגרייטן אין חדר דאָס לערנען פון אַ גאַנצער וואָך און זיך גוט אַדורכחזרן אַלע דַפים גמרא. דאָס איז נישט גע־ווען פון די גרינגע זאַכן, מען האָט געמוזט אויפהויבן זיך דאָנערשטיק 2 ביינאַכט עטלעכענע תלמידים צוזאַמען און איך אויך צווישן זיי, און געגאַנגען זיינען מיר אין בית המדרש און זיך גענומען אויפמישן די גמראָס און זיך אַלעס איבערגעחזרט, וואָס מיר האָבן אַ גאַנצע וואָך אַדורכגעלע־רנט, דאָס איבערחזרן האָט גענומען ביז 6 אַזייגער פאַרטאָג. ווען מען האָט שוין געענדיגט דאָס חזרן, איז זיך יעדער געגאַנגען און זיך געחזרט אַפילו גייענדיק אויף דער גאַס פון אויסנווייניג, בכדי נישט צו פאַרגעסן.

דעם גאַנצן טאָג פרייטיק האָט מען נישט צוגעלערנט קיין נייע דפים גמרא, נאָר מען האָט אַלעס איבערגעחזרט און אַזוי האָט מען זיך געחזרט ביז שבת בייטאָג.

עס זיינען געווען תלמידים, וואָס די גאַנצע וואָך האָבן זיי נישט אַזוי גוט אויפגענומען דאָס לערנען און עס איז זיי געווען שווער אויפצונעמען און זיינען נאָך נישט געווען רייף צום שבת. דאַן זענען געקומען צו מיר תלמידים שבת פאַרטאָג און מיך אַרויסגעשלעפּט פון בעט, בכדי איך זאָל גיין זיי צוהעלפן. חאָטש איך האָב נישט געהאַט קיין חשק צו גיין, פונדעסטוועגן האָב איך געמוזט אויפשטיין און גיין.

ווען עס איז שוין געקומען דער נאָכמיטאָג זיינען שוין גע־ווען די שעות־המכרעות און יעדער תלמיד איז געגאַנגען צו אַ געלערנטן בעל־בית זיך צו פאַרהערן ביי אים. ווי אַזוי האָבן דאָס די תלמידים געמאַכט ?

די בעלי־בתים זיינען נישט געווען קיין באַשטעלטע, ד.ה. אַז דער און דער תלמיד זאָל האָבן צו גיין צו דעם אָדער צווייטן בעל־בית זיך צו פאַרהערן — נאָר יעדער תלמיד, ווי עס האָט זיך אים נאָר געגלוסט, צו וועלכן בעל־בית צו גיין, איז ער געגאַנגען.

דער תלמיד האָט עס געמאַכט מיט אַזאַ אופן : ער האָט אָנגעקלאַפּט ביי אַ געוויסן בעל־בית ביי דער טיר, מען האָט אים באַלד געעפנט, כאָטש דער בעל־בית איז געשלאָפן געשמאַק דעם שבתדיקן שלאָף, פונדעסטוועגן האָט אים נישט פאַדראָסן, וואָס מ'האָט אים איבערגעוועקט, און האָט אויפגענומען דעם תלמיד בסבר פנים יפות און האָט אויך אוועקגעשטעלט אַן אויפנאַם אויפן טיש און האָט זיך אַוועק־געזעצט מיטן תלמיד פאַרהערן.

ווען דער תלמיד האָט שוין אָנגעהויבן זיך צו פאַרהערן, איז ער דעמאָלס געזעסן ווי פאַר אַ כס הכבוד, מיט גרויס פחד, אַז ער זאָל ח"ו נישט אַדורכפאַלן און זאָל נישט זאָגן מיט קיין גרייזן.

אויב דער תלמיד האָט גוט פאַרגעלערנט מיט גרויס פאַר־שטאַנד און מיט שכל, איז דער בעל בית געווען פון אים זייער צופרידן און האָט אים מכבד געווען מיט אַ שיינעם אויפנאַם, וואָס ער האָט נאָך געהאַט צוגעגרייט פון פריער, און נאָך שבת האָט דער בעל בית געלויבט דעם תלמיד פאַר זיין רבין.

אויך דער תלמיד האָט זיך זייער גוט געפילט אַפּנעמענדיק אַ גוטן גרוס, און דאַן האָט ער באַקומען נאָך מער חשק צום לערנען.

איך האָב זיך איינמאָל פאַרהערט ביים ראַזוואַדאָווער רבין רב נפתלי האָראָוויץ, ווייל אַזוי ווי איך בין שטענדיק אַריינ־געקומען דאָרט, האָב איך באַשלאָסן זיך ביי אים צו פאַר־הערן. באַשלאָסן האָב איך נאָך פרייטיק זיך צו פאַרהערן ביים רב איז נישט קיין קלייניקייט, האָב איך זיך געמוזט גוט צוגרייטן.

פונקט די וואָך האָב איך געלערנט אין צווייטן פרק פון בבא־קמא און די גמראָ איז אַביסעלע שווערער ווי ברכות אָדער בבאַ־מציעא, האָב איך זיך געמוזט אַזוי צוגרייטן, אַז איך זאָל קענען ווי אַ וואַסער.

ווען עס איז געקומען שבת פאַר נאַכט, האָב איך פשוט געפילט אַז אַ ציטערניש נעמט מיך אַרום, פיל האָב איך נישט געקלערט, ווייל איך האָב געוווּסט, אַז אויב איך וועל פיל קלערן וועט נישט טויגן, נאָר האָב באַלד באַשלאָסן צו גיין צום רבין און בין געגאַנגען.

ווען איך בין אַריין געקומען צום רב, איז דער רב פונקט געזעסן ביים טיש און געווען שטאַרק פאַרטיפט אין גמרא „בבא בתרא". ווען איך בין אַריינגעקומען און האָב זיך געפּ־רעגט, אויב איך קען זיך פאַרהערן, האָב איך באַקומען אַ פּאָזיטיווע תשובה און ער האָט מיר געהייסן זיך אַוועקזעצן צום טיש. דער רבי איז געזעסן אויף אַ שיין הויך אויסגע־פיטערט בענקל ביים מיט טיש, און איך האָב זיך אַוועקגע־זעצט פון זיין רעכטער האַנט. דער רב האָט מיר געהייסן אויפמישן די גמרא און אָנהויבן זאָגן די גמרא.

איך האָב געוווּסט איין זאַך, אויב איך וועל אָנהויבן מורא צו האָבן און שרעקן זיך, וועט מיר דאַן זיכער נישט געלונ־גען און איך וועל אַדורכפאַלן, אָבער איך האָב זיך באַ־הערשט און אָנגעהויבן צו זאָגן די גמרא מיט גרויס התלה־בות און מוט. ווען איך האָב נאָר געענדיגט די משנה, האָט דער רבי באַמערקט, דאָס איך האָב אַהנונג און ווייס אין לערנען, דאַן האָט ער מיר נישט געגעבן פיל צו זאָגן אין דער גמרא חוץ משנה האָב איך נאָך געזאָגט אַ האַלבן

עמוד גמרא, און מיט דעם האָב איך געענדיקט. האָט דער רבי מיך אויסגעפרעגט פיל קשיות און האָט געוואָלט מיך כאַפּן אויף אַ גרייז, אָבער איך האָב זיך נישט געלאָזט און האָב געענטפערט אויף אַלע פראַגן דרייענדיק מיטן גראָבן פינגער. דאַן איז מיר געוואָרן לייכטער צו ענטפערן.

איך האָב באַמערקט לויטן רבינס שמייכל, דאָס איך האַלט אויפ'ן וועג, אַז ער איז צופרידן פון מיר, האָט ער מיך מכבד געווען מיט פאַרשידענע ממתקים און אַ כוס ביער, איך האָב פּונקט געהאַט אַ גוטן אַפּעטיט נאָך אַזאַ קאַמף. איך האָב טועם געווען מיט אַ גרויסן אַפּעטיט און שטאַרק געדאַנקט דעם רבין און בין אַוועקגעגאַנגען.

ווען עס זענען אַוועק אַ פּאָר טעג פון מיינע פאַרהערן האָט דער רב צו וויסן געגעבן מיינס אַ משפחה וועלכער איז געווען זיינס אַ חסיד, אַז איך בין רייף אין לערנען און דער רבי איז געווען באַגייסטערט פון מיין זאָגן אין דער גמרא. דער קרוב האָט צוּוויסן געגעבן מיין מוטער וועגן דעם, דאַן האָט מיין מוטער מיטן קרוב באַשלאָסן מיך צו שיקן אין אַ ישיבה לערנען צום באָבעווער רבין, וועלכער האָט געלערנט מיט געציילטע תלמידים און עס האָט געהייסן אַ שטיקל ישיבה. די בשורה האָב איך אויפגענומען נישט מיט קיין גרויס חשק, ווייל דאַמאָלס בין איך אין גאַנצן אַלט געווען 12 יאָר און צו פאָרן אַליין אין דער פרעמד אַריין האָט זיך מיר נישט געגלוסט, כאָטש ווו איך האָב געדאַרפן פאָרן האָב איך געהאַט אַ פעטער, ביי וועלכען איך וואָלט זיך געקענט אויפהאַלטן. פונדעסטוועגן האָט זיך מיר נישט געגלוסט צו פאָרן. קען זיין דאָס איך וואָלט יאָ געפאָרן, נאָר עס האָט גראָד אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה אין 1939. און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ צווייטע פרשה אין מיין לעבן.

ווען עס איז געקומען נאָך שבת, האָבן די אַלע בעלי־בתים, וואָס האָבן פאַרהערט די תלמידים שבת, אָפּגעגעבן אַ גרוס די עלטערן פון די תלמידים ווי אַזוי זיי קענען. עס איז געווען אַ גרויסער טייל, וואָס האָט גוט געקענט, און אַ קלענערער טייל — אַ ביסל שוואַכערער. אויך דער רבי האָט באַקומען דעם זעלבן גרוס. דאַן האָט דער רבי געקענט אונטערשיידן די בעסערע פון די ערגערע, מיט די בעסערע האָט דער רבי געלערנט מער דפים גמרא איבערן טאָג מיט תוספות און רמב"ם, ד. ה. אויב די ערגערע האָבן געלערנט 6 עמודים אַ טאָג, האָבן די בעסערע געלערנט 10 עמודים מיט תוספות און רמב"ם. אויך דער בעלפער פון רבין האָט געגעבן פאַר די בעסערע תלמידים ספעציעלע שעהן פאַר־טאָג, נאָך צוגעלערנט 2 ביז 3 עמודים גמרא.

## די יידישע שילערס אין די פּוילישע שולן

אין שטעטל איז געווען אַ פּוילישע שולע. יעדער יינגל האָט געמוזט גיין אין דער שולע. ווער עס איז נישט געגאַנגען האָט באַקומען אַ שטראָף. אָנגעהויבן צו גיין אין דער שולע האָט מען ביי 7 יאָר, אין דער שולע האָבן זיך געלערנט יידישע מיט פּוילישע יינגלעך צוזאַמען. עס איז געווען אַ גרויסער פּראָצענט פון די פּוילישע וועלכע האָבן זיך נישט גוט געלערנט. זיי האָבן פּשוט געהאַט שמאַטע־קעפּ. ביי די יידישע איז געווען אַ קליינער פּראָצענט, וועלכע האָבן זיך נישט גוט געלערנט, ביי די יידישע איז נישט געווען קיין וווּנדער וואָס זיי האָבן זיך נישט אַזוי גוט געלערנט, ווייל זיי האָבן גערעדט אין דער היים נאָר יידיש, און געגאַנגען אין יידישן חדר, און יידיש מיט פּויליש זיינען צוויי געגן־שפּראַכן.



יידישע שילער פון פּוילישע שולן

איך בין געגאַנגען אין יידישן חדר און אין דער היים האָב איך גערעדט נאָר יידיש, אַלעס אויף יידיש יעדן שריט און טריט. ווען איך בין געגאַנגען אין די פּוילישע שולען האָט דער יידיש מיר זייער פיל געשטערט, עס איז מיר געווען זייער שווער אַדורכצופירן פּוילישע אויפגאַבן א.א.וו. אָבער פונדעסטוועגן האָב איך געבראָכן טירן און בין נאָר איינ־מאָל געבליבן אַ פּוילישע קלאַס צוויי זמנים.

אַ צווייטע סיבה וועלכע האָט געשטערט די יידישע יינג־לעך זיך צו לערנען אין די פּוילישע שולען איז דאָס, וואָס די לערער זיינען געווען אַנטיסעמיטן און האָבן נישט געהאַט גערן דעם יידישן שילער. אויב עס זיינען געווען שילער וועלכע האָבן זיך זייער גוט גלערנט האָט מען זיי אַדורך געלאָזט פאַר מיטלמעסיקע, אָבער פאַרקערט ביי די פּוילישע שילערס וועלכע האָבן זיך נישט אַזוי גוט געלערנט, האָט מען זיי אַדורך געלאָזט פאַר גאָר גוטע. פּשוט עס האָט זיך געשפּירט די אַנטיסעמיטישע אַטמאָספער אין אַלע ווינקלען.

די אַנטיסעמיטישקייט צווישן די שילערס איז געווען זייער שטאַרק. די גויים האָבן ליב געהאַט צו פאַרטשעפּן יידישע

שילערס. שטענדיק ווען עס איז געווען אַ הפסקה, האָבן די קריסטלעכע שילערס אָנגעפאַלן אַזוי סתם אָן אַ סיבה אויף יידישע שילערס און זיי געשלאָגן. אַמאָל האָבן די יידישע צוגענומען די שלעק אָן ווידערשטאַנד און אַמאָל מיט אַ ווי־דערשטאַנד. מערסטנטייל האָבן אַריינגעכאַפּט די יידישע שילערס, ווייל קריסטלעכע שילער זיינען געווען מער ווי יידישע.

איך אַליין האָב געהאַט אַמאָל אַ פאַל, ווען איך בין גע־גאַנגען אין די 5־טע קלאַס, בין איך געזעסן אין איין לאַווקע מיט קריסטן און לעבן אַ קריסט מיטן נאָמען גיי. איינמאָל האָט דער קריסט אויף מיר געשריגן ז'יד („ייד"). דאָס האָט מיך זייער שטאַרק פאַרדראָסן און איך האָב אים געגעבן אַ קלאַפּ. דער קריסט האָט מיר צוריקגעגעבן און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ געשלעג אין קלאַס. אין קלאַס האָט מען זיך נישט געטאָרט שלאָגן, נאָר גראַד איז דער לערער נאָך נישט געהאַט געקומען, האָט מען זיך דערלויבט צו שלאָגן. איך האָב געזאָגט צום קריסט, דאָס ער זאָל מיט מיר אַרויסגיין אין קאָרידאָר און דאָרט וועט מען זיך שלאָגן. דער קריסט האָט מסכים געווען און מיר זיינען געגאַנגען אין קאָרידאָר זיך שלאָגן. עס איז אַרויסגעגאַנגען די גאַנצע קלאַס שילערס צו זען ווי אַ ייד מיט אַ קריסט שלאָגן זיך.

מיר האָבן אָנגעהויבן דאָס געשלעג; איינמאָל האָט ער מיר דערלאַנגט און איינמאָל איך. מיר האָבן זיך געלייגט אויף דער ערד און זיך געטאַטשעט און זיך פאַרשמוציקט. פּלוצלונג האָב איך באַקומען אַ געלעגנהייט צו דערלאַנגען און האָב דעם קריסט געגעבן אַ גוטן פּאַטש אין פּנים און האָב אים געלאָזט בלוט פון דער נאָז. דאַן איז דער קריסט געוואָרן שטאַרק אויפגערעגט און האָט צוגערופן אַלע קריסטן אויף הילף. האָב איך גערופן די יידן אויף הילף. האָט זיך אָנגעהויבן אַן אמת געשלעג יידן מיט קריסטן. דער געשלעג האָט געדויערט ביז דער לערער איז געקומען און אַלעס איז זיך צולאָפן אין קלאַס אַריין.

דער לערער האָט באַמערקט אַז דאָ איז פאָרגעקומען אַ געשלעג און האָט אָנגעהויבן צו פאָרשן, וואָס דאָ איז פאָר־געקומען, ער האָט זיך געפרעגט, ווער עס איז געווען דער גורם פון געשלעג, קיינער האָט נישט געענטפערט. פּלוצלונג האָט דער לערער געוואָרן אַ בליק אויף דער צווייטער לאַווקע, וווּ איך בין געזעסן נעבן קריסט גיי, און האָט באַמערקט דאָס מיר זיינען ביידע צעקאַלעטשעט אויפן פּנים. האָט דער לערער אונדז געהייסן אויפשטיין און דערציילן פאַר וואָס מיר זיינען אַזוי צעדראַפּעט. מיר האָבן געמוזט דערציילן דעם אמת.

דער לערער האָט אונדז ביידע אַרויסגערופן און געהייסן אוועקשטעלן זיך אין ווינקל אַלס שטראָף ביז דער פּאַוזע. מיר האָבן געדאַרפט שטיין אויסגעדרייט צו דער וואַנט און נישט רירן זיך. דאָס איז געווען אונדזער שטראָף.

נאָך דעם געשלעג האָט שוין דער קריסט מיט מיר געלעבט אַנדערש. ער האָט שוין נישט געוואַגט אויף מיר צו שרייען „ז'יד".

אַזוי איז עס געווען: ווער עס האָט מורא געהאַט פאַרן קריסט, אויף דעם האָבן זיי געבילט. און ווער נישט פאַר דעם האָבן זיי געהאַט דרך־ארץ און אים נישט געטשעפּעט. עס זיינען געווען פיל פאַלן, וואָס די יידישע שילערס זיינען אַהיים געקומען פון דער שולע צעקלאַפּט און צעדראַפּעט; דאַן האָבן זיך שוין אַריינגעמישט די עלטערן פון די שי־לערס. זיי זיינען געגאַנגען צום דירעקטאָר און זיך פאַרקלאָגט. פיל געווירקט האָט דאָס נישט, ווייל עס זענען געווען אויך לערערס אנטיסעמיטן וועלכע האָבן טיילמאָל אויך מיטגע־האָלפן און האָבן הנאה געהאַט, ווען אַ ייד איז געוואָרן צעקלאַפּט.

עס זיינען געווען יידישע שילערס וועלכע האָבן געטראָגן פּאות. די פּאות האָבן געשטאָכן די קריסטנס אויגן און זיי האָבן געריסן ביי די פּאות און געשפּיגן אויף זיי. שילער וועלכע האָבן געטראָגן שיינע געקרייזלטע פּאות, גייענדיג אין דער פּוילישער שול, האָבן זיי די פּאות פאַרוואָפן אונ־טער די אויערן, כדי מען זאָל זיי נישט באַמערקן. איין שילער מיט געקרייזלטע פּאות האָט זיך נישט אַזוי גוט גע־לערנט (געהאַט אַ שלעכטן קאָפּ). איינמאָל האָט ער געדאַרפט זאָגן אַ „אַפּאָוויאַדאַניע" — אַ שיעור פאַרן לערער, און האָט נישט געקענט „אַפּאָוויאַדען". איז דער לערער צו אים צו־געגאַנגען און האָט אים אָנגעכאַפּט ביי די פּיאות מיט גרויס הנאה און שפּאַט און האָט זיי געשלעפּט און דערביי זיך אויסגעדריקט אויף פּויליש: Żyd z francuskimi pejsami, (דער ייד מיט פראַנצויזישע פּאות), דאָס האָט געמאַכט זייער געמאַכט זייער אַ מיאוסן איינדרוק אויף די יידישע שילערס, אָבער מען האָט דאָך געמוזט שווייגן, ווייל עס איז דאָך אַ לערער און מיר זיינען זיינע שילערס. די קריסטן האָבן געקוועלט פון אַזאַ סצענע. עס האָט געבראַכט דערצו, אַז פיל בעלי בתים האָבן נישט געשיקט זייערע קינדער אין דער פּוילישער שולע, נאָר זיי האָבן געדונגען פּריוואַטע לערער און געלאָזט לערנען זייערע קינדער אין דער היים.

### די יידישע יוגנט אין שטעטל

די יוגנט אין שטעטל איז געווען צעטיילט אויף פאַרשיידענע מחנות און פּאַרטייען, פּאַרטייען זיינען געווען אין שטעטל פון רעכטס ביז לינקס. פון מזרחי, עקיבא ביז השומר הצעיר,



הסתדרות החלוץ:
יצחק גרוס, מנדל פייט, דוד שנל, משה שטרום מלך פלוימין, שייע אנהיזיגר ז״ל, גיטל עדר, מלכה רייזל פרידמן ז״ל, שכטר מנדל ז״ל, דוד לייב בלימן ז״ל, חיה בירנבוים, וכנמארק שפרה, קרוליק, אלטע זילבר, שרה קרוליק, אהרן רוזן, משה זילבר, יצחק בירנבוים, פיניע וכנמארק, אברהם וינשטוק, אברהם פנסר, פיניע קרוליק.

קומוניסטן. אזוי ווי אַ יינגל אָדער אַ מיידל האָבן געענדיקט די פאָלקס־שולען און איז געוואָרן זעלבסשטענדיק און האָט שוין געקענט הערשן אויף אייגענע דעות און זיין פאַר־אַנטוואָרטלעך פאַר זיינע מעשים, איז מען אַריינגעטראָטן אין אַ געוויסער פאַרטיי.

אין דער פאַרטיי האָט די יוגנט געקענט זיך אַנטוויקלען און רייף ווערן. 80% יוגנט האָט געהערט צו פאַרשידענע פאַרטייען, אַפילו יידישע קאָמוניסטן זיינען אויך געווען אין



השומר הצעיר ״קבוצת נמרים״
אריה שרף, צבי רייז, יצחק שר, יונה גרינבוים, יצחק וסרשטין, אליעזר גרטן, צבי כץ, שמואל גולד

שטעטל, וואָס זיינען אָפּגעזעסן צו 5 יאָר, אין טורמע דער פאַר.

ווען עס איז געקומען שבת, האָבן אַלע יוגנטלעכע פון די פאַרטייען זיך צוזאַמענגעקומען אין לאָקאַל. מען האָט אָנגעהויבן צווישן זיך פאַרשידענע וויכוחים און שיחות, טייל האָבן גערעדט ערנסט און טייל האָבן זיך סתם געוויצלט. די שיחות האָבן זיך געקענט אָוועקשלעפּן אַ פּאָר שעה, נאָך די שיחות האָט מען זיך גענומען צום זינגען און טאַנצן און געלאָזט זיך ווייל גיין. נאָך דעם אַלעמען איז אַלעס אַרויס־געגאַנגען שפּאַצירן אויף די גאַסן. נאָך דעם איז מען געגאַנגען אין קינאָ און מיט דעם האָט מען פארענדיקט דעם שבת.

די יוגנט האָט פאַרברענגט די יום־טובים זייער גוט. נישט נאָר אַזוי מיט גשמיות, נאָר אויך מיט רוחניות. דעם גאַנצן יום טוב האָט מען פערברענגט מיט שיחות, טענץ מיט גע־לעכטער, מיט שפּאַצירן מיט צוזאַמענטרעפן זיך חברים־רות.

ווען עס איז געקומען ל״ג בעומר, האָט מען שטענדיג גע־מאַכט אַ טיול. ל״ג בעומר איז געווען דאָס אינטערעסאַנטסטע אין דער פאַרטיי. מען האָט געמאַכט אַ וויטשעטשקע אין ווייטן וועג אַריין. מען האָט זיך צוזאַמענגענומען אַלע חב־רים־רות און מ׳איז געפאָרן אין אַ צווייטער שטאָט אויף גאַסט, צו דער זעלבער פאַרטיי. די יוגנט אין דער פאַרטיי האָט געהאַט ספּעציעלע מונדירן. אַ גרינע רובאַשקע מיט אַ



**השומר הצעיר והחלוץ**

תרצה אנהיזיגר, יקותיאל גולדמן, פיניע קרוליק, פייבל בירנבוים, עלקע שלנגר, סנדרוביץ אידה, שלמה גרינבוים, פנסטר אברהם, השיו זלצמן, יצחק שר, בזו זילבר, פרומה שנל, עלקע בינשטוק, מרים עדר, דוד לייב בלימן, עדה פרידמן, משה זילבר, מרים סופר, אלטע זילבר, פליקצו גולדה, לייב שרף, סימה זילבר, השוי כץ, חיה רבקה זלצמן, פרידה גולדמן, מינדל אנהיזיגר



שולמית שוורץ, יתומה שחונכה אצל משפחת אליעזר שוורץ (רחליס)

בינדע. די לינקע פאַרטיי איז געגאַנגען מיט אַ רויטער בינ־דע. זיי האָבן אויסגעזען ווי ריכטיקע חלוצים פון יידישן פאָלק. עס איז געווען זייער לוסטיק, מען האָט געזונגען אָן אַ שיעור, נישט געוווסט קיין גענוג, ביז מען איז אָנגעקומען אויפן אָרט; ווען מען האָט זיך שוין צוזאַמענגעטראָפן מיט דער פאַרטיי פון דער צווייטער שטאָט, האָט מען צוזאַמען מיט זיי פאַרברענגט. מען האָט נישט געדאַרפן קיין שענערס און קיין בעסערס ווי יוגנט פון פאַרשידענע שטעטלעך פאַ־ראייניקן זיך און פאַרברענגען צוזאַמען.

# התקופה 1929 — 1939

אריה גרינבוים, יוכבד סנס

### היקף היישוב והמצב הכלכלי

היישוב היהודי ברוזוואדוב מנה בתקופה ההיא כ־3,500 יהודים מתוך כ־5,000 כלל התושבים בעיר. כמעט ולא היו תנודות באוכלוסיה בתקופה ההיא. ההגירה לארצות הברית כמעט נפסקה והעלייה לארץ ישראל הייתה בממדים קטנים.

המשבר הכלכלי שעבר בשנות 1928—1929 על העולם כולו, לא פסח על רוזוואדוב. מצב התעסוקה והמסחר היה ירוד בשנים אלו, אולם לאחר שנת 1929 התחילה התאוששות מה בכלכלת העיר. החלה להתפתח התעשייה הזעירה, תעשיית עץ, תעשיית לבנים, ייצור סלים בסביבת רודניק. כל זה סיפק תעסוקה למאות פועלים, דבר שהביא גם להתאוששות במסחר.

ההתאוששות הכלכלית הגיעה לשיאה עם הקמת מרכז תעשייתי גדול באזורנו שידוע היה בשם .C. O. P בשנת 1935/36. אלפי פועלים הגיעו לסביבת עירנו וכמובן הביא הדבר לפעילות מסחרית מוגברת ושיפור מקורות הפרנסה של היישוב היהודי.

זמן לא רב נמשכו „הימים הטובים". יחד עם השגשוג הכלכלי, הביא אתו המרכז התעשייתי החדש גל של אנטי־שמיות.

הפועלים שהגיעו לסביבתנו ובמיוחד הפועלים משלזיה, התחילו להשתולל, היו התפרצויות והתנפלויות על יהודים ברחובות. על יד חנויות יהודיות נעמדו „פיקטניקים" ולא נתנו להכנס לנוצרים.

### הפעילות המפלגתית הפוליטית

בתקופה שלאחר שנת 1929 התחזקה הפעילות המפלגתית הפוליטית בעירנו, כל הזרמים הפוליטיים ביהדות הגבירו את פעילותם.

רוב האוכלוסיה, ובעיקר הנוער, מצאו את מקומם במפלגות הציוניות.

מפלגת הציונים הכלליים, הוותיקה שבמפלגות בעיר, המשיכה בפעולותיה הציוניות והתרבותיות. ספריית „בן יהודה" גדלה ושירתה חלק גדול מהאוכלוסיה. הפעילים במפלגה היו: זיסל זילבר, ד"ר שווארץ, ד"ר טהלר, משה זילבר, בנימין בוך, חיים דוד שפרינגר, מונייך אברהם ואחרים.

בשנות השלושים הוקם ארגון תנועת הנוער של הציונים הכלליים בשם „עקיבא" בהנהגת משה איימר, שלמה רוקר, משה שווארץ ואחרים, שריכזו סביבו חלק ניכר מהנוער בעיר.

המפלגות הסוציאליסטיות הציוניות התפתחו בשנות השלושים. הוקמה בעירנו „הליגה למען א"י העובדת" („ליגע פאַרן אַרבעטנדן ארץ ישראל"), שריכזה את כל המפלגות הסוציאליסטיות הציוניות. הפעילים במחנה זה היו: דוד ליב בליימן, ליאון בירנבוים, ברוך בורגר, ד"ר טראונשטיין, ידידיה גרינבוים ואחרים.

השומר הצעיר ריכז סביבו חלק גדול מהנוער. מספר ניכר של חבריו יצאו להכשרה למען התכוננות לעלייה לארץ ישראל, אולם רק חלק קטן מהם השיג „סרטיפיקאטים". בתקופה זו הפעילים בהשומר הצעיר היו: שמואל פרליבטר, ירמיהו בך, ירמיהו פינקס ואחרים.

המפלגה הציונית הדתית „מזרחי" התארגנה בסוף שנות העשרים וניהלה פעילות בעיר בהנהגת חיים וולף בירנבוים,



התייעצות ברחוב:
מימין לשמאל: ח. ד. שפרינגר, ד. ל. בלימן, ד"ר טאלר, ד"ר נובר ולייזר בירנבוים.



**בית הספר העברי:**

עומדים מימין לשמאל: הולנדר יצחק, זילבר בזיו, בירנבוים פייוול, פנסטר אברהם, אנהיזיגר ישעיהו, גולד שמואל, בירנבוים יצחק, ויינשטוק אברהם, אנהיזיגר ח. נ., רייס הרש, שארף לייבל.

יושבים מימין: גולדמן יקותיאל, פרידמן איידל, עדר מרים, המורה שוחט, רוזן חייה, ויינשטוק בריינדל, קרוליק פנחס.

יושבים למטה: יונה־סיליבר משה, קולר משה.



השיו זלצמן, מלכה שרייבר, גולדה פליקצו, דוד לייב בלימן, קריינדל ויינשטוק, אברהם פנסטר, שמואל נעמען, שבע בנד, שרה רייז, רחל פנקס, ביילע ליבע מור, עלקע שלנגר, ביילע מלר, אברהם וינשטוק, מרים סופר, חיה זילבר, אדה פרידמן, רחל פליקצו, דבורה אויסאיבל, שיינצ׳ע הופרט, אהרן זילבער, חיים נחמן אנהיזיגר, ישראל וויזן, שמואל גולד, הנה שטלנגר, אברהם גלבווקס, מלכה שלנגר, דוד בירנבוים, שייע רוקר, שרה וכהולדר, שולמית בירנבוים, רוחצ׳ע בוך, המורה אייזן, מאיר וחיה מור, ברכה שכטר, חייטשע קליינקופף — היתר אינם מוכרים — לכבוד ביקורו של דניאל פרסקי

מאיר הגר, מרדכי פינגרהוט, שמואל יהושע פלעדל ואחרים.

בשנת 1933 הוקם ארגון הנוער של המזרחי בשם „השומר הדתי", בהנהגת מאיר פינגרהוט, זיסל פלדמויז, אביגדר בירנבוים, יהושע בירנבוים ומשה זילבר (בן מרדכי).

היו גם בעירנו רביזיוניסטים אחדים ואף אנשי הפלג של גרוסמאן עם ד"ר נובר בראש, אולם פעלותם בעיר כמעט ולא הורגשה.

המפלגה הקומוניסטית בפולין הייתה אסורה ואנשי המפלגה הקומוניסטית היהודיים בעירנו ניצלו לצורך תעמולתם את הספרייה ע"ש י. ל. פרץ. הספרייה שימשה במידה גדולה מסוה לפעילות הקומוניסטית בעיר. היו מקרים שנאסרו יהודים בעד פעילותם הקומוניסטית ואחדים מהם אף ישבו בבית הסוהר שנים.

### הפעילות התרבותית

בהשתתפות כל הזרמים הציוניים בעיר הוקם ב־1930 בית ספר עברי בו למדו ילדים בגיל בית הספר, אחר הצהרים.

הלימודים בבית הספר העברי כללו: לימוד השפה העברית, ספרות עברית, תנ"ך, גמרא והיסטוריה יהודית.

המורה הראשון היה חייט, אח"כ באו: המורה בן עירנו, משה פליקצו שלימד את המקצועות עברית, ספרות עברית ותנ"ך, והמורה משה קיזלשטין שלימד גמרא. למדו בו חלק גדול מהילדים היהודיים והנוער המתבגר, והודות לו נמצאו בעירנו מאות יהודים דוברי עברית.

הרוח החיה של בית הספר העברי היה הפעיל הציוני הוותיק, דוד ליב בליימן. הוא שדאג לצד החמרי של בית הספר.

התארגנו להקות תיאטרון שונות, ומדי פעם לפעם היו הופעות של מחזות מרפרטואר התיאטרון היהודי הידוע, כגון „יאשע קאלב", „הדיבוק" ואחרים.

### פעילות ספורטיווית

הפעילות הספורטיווית התנהלה במסגרת הארגון הספורטיווי בשם „טרומפלדור" בהנהלת העסקן יעקב גולדמן. בשנות השלושים היה הארגון בשיא פעילותו. הנבחרת של כדור רגל ידועה הייתה בכל הסביבה. לחגיגת 10 שנות קיום הארגון של העיירה הוזמנה הנבחרת היהודית הידועה „מכבי" להתחרות בקראקוב.

### ארגון הקהילה והחיים הדתיים בעיר

בראש מועצת הקהילה היהודית בעיר, בהתחלת שנות ה־30, המשיך לעמוד ר' ברל רייך. אולם בשנים שלאחר מכן גברה השפעה הציונים בעיר ובבחירות למועצת הקהילה קבלו רוב. בראש המועצה הועמד ד"ר טהלר, נציג הציונים הכלליים, שעמד בראשה עד לפרוץ המלחמה.

גם במועצת העיר היו נציגים יהודיים במספר לא מבוטל, אף כי השלטונות השתדלו להפריע לכך בכל האמצעים (סיפוח כפרים לשטח העירוני וכו'). הייתה גם תקופה בה שימש ר' ברל רייך הן כראש העיר והן כראש הקהילה היהודית.




נוער עברי ליד "בית יהודה" עם המורה לעברית משה פליקצו והמדריך הציוני דוד לייב בלימן (למעלה מימין)



**קבוצת תרומפלדור**

**שמעון מאלער, משה אנהיזיגר, יקותיאל גולדמן, משה שכטר, יעקב הירשהורן, צבי רייס, שמואל לינדזנבוים, יעקב גרינבוים, שמואל גולד, לייביש גרייזמן, מל מור.**



**עם הנשיאות לפני המשחק עם מכבי קראקוב אחרי קביעת "הנבחרת" לרגל היובל "10 שנות תרומפלדור"**

**השיו סנדרוביץ, לייביש גרייזמן, יעקב גרינבוים, בונצוי גרינבוים, שפס, יחיאל מור, גרינבוים, שמואל גולד, יעקב הירשהורן, ידידיה גרינבוים, לייב שפרינגר, ד"ר לנדאו, יעקב גולדמן, אביגדור סובול, משה בלזבלג, מאיר גרייזמן, גרינוולד, השיו ויזן.**

בשנת 1932 נפטר רב העיר האדמו"ר רבי אפרים הורוביץ זצ"ל ובמקומו הוכתר בנו הבכור הרב נפתלי, ששימש גם כאדמו"ר. אחיו הרב משה לא הסכים לוותר על זכויותיו וגם הוא הוכתר כאדמו"ר וחלק ניכר מחסידי העיר תמכו בו.

שו"בי העיר עד לפרוץ המלחמה היו: ר' מנדל שלנגר, הידוע בפקחותו וכבעל תפילה מעולה, ר' אליעזר כץ ואחיו ר' שמעון כץ. כולם נרצחו על ידי הרוצחים הגרמנים.

שמשי בתי הכנסת בעיר היו:

ר' חיים קורן, שימש כשמש בית המדרש הגדול; ר' השל בוך, שימש כשמש בית הכנסת ובית הדין.



קבוצת תרומפלדור בחגיגת 10 שנות קיומה עם נבחרת "מכבי", קראקוב

בשנות השלושים הוקם בעיר „בית אורחים" ששימש כמ־קום לינה לעניים שעברו את עירנו. בית זה הוקם ונוהל בהתנדבות, על ידי ר' ברוך ויינמן ז"ל.

התארגנה גם תמיכה כספית מאורגנת לעניים עוברים ויש להזכיר לטובה בהזדמנות זו את ר' שמואל שכטר ז"ל ור' מאיר כ"ץ ז"ל.

מיד אחרי פרוץ המלחמה התחילה בריחת האנשים מהעיר; וכשם שברחו מהעיר ללא תכנית כך חזרו לאחר ימים ספו־רים עייפים, רעבים ושבורים.

עברו ימים ספורים מאז כניסתם והצוררים ניגשו להגשמת תכנית הגירוש שלהם.

בחול המועד סוכות ב־2 אוקטובר 1939, התחיל גירוש היהודים מהעיר. במשך יום אחד גורשו אנשים נשים וטף באכזריות, בחוסר כל לעבר השני של הנהר סאן. חלק קטן מיהודי העיר נשאר בסביבת העיר ואף חזר העירה לאחר זמן מה ואילו הרוב הגדול נדד מזרחה, לאיזור שהיה בידי ברית המועצות.

# יידישע אינדוסטרי־אונטערנעמונגען

נ. ב.

לויט אן אנקעטע, וואָס ס'האָט דורכגעפירט דער דזוינט אין גאַנץ פּוילן אין יאָר 1921, וועגן יידישע אינדוסטרי־אונטערנעמונגען, איז אין ראַזוואַדאָוו געווען 102 אַזעלכע אַנשטאַלטן, וואָס מ'האָט אונטערזוכט [1]. פון דער צאָל 102 זיינען בלויז 97 געווען טעטיק. די צאָל מענטשן, וואָס זיינען אין די אונטערנעמונגען געווען באַשעפטיקט, האָט באַטראָפן 170, צווישן זיי האָבן זיך געפונען די 97 אייגנטימער פון די אונטערנעמונגען גופא. דאָס מאַכט אויס 57.1%, פון דער צאָל באַשעפטיקע; משפחה־מיטגלידער: 14 — 8.2%; לוין אַרבעטער 59 — 34.7%; צווישן די לוין־אַרבעטער זיינען געווען: יידן 47 (27.6%); דערפון מענער — 29, פרויען — 6, קינדער 12. די 12 (7.1%) פּוילישע לוין־אַרבעטער זיינען אַלע געווען מענער.

פון דער סטאַטיסטיק איז צו זען, אַז קיין גרויסע אונטער־נעמונגען זיינען אין ראַזוואַדאָוו ניט געווען, און אַז אין רוב אונטערנעמונגען האָט געאַרבעט איין (1) מאַן, ד. ה. דער באַלעבאָס גופא. די איבעריקע בעלי בתים האָבן זיך אַרויסגעהאָלפן מיט די משפחה־מיטגלידער (ווייבער, צי אַפילו האַלב דערוואַקסענע קינדער). 70 אונטערנעמונגען

[1] Żydowskie przedsiębiorstwa w Polsce według ankiety z 1921 r. T. V, VI Małopolska opracowano pod kierunkiem Eliezera Hellera, Warszawa 1923.

האָבן זיך באַגאַנגען אָן לוין אַרבעטער און אין בלויז 27 זיינען געווען לוין־אַרבעטער, פרעמדע, אין דער צאָל פון 59 פּערזאָן.

די לוין אַרבעטער זיינען דער עיקר געווען יידן; דאָס איז פאַרשטענדלעך, ווייל יידן זיינען סוף־כל־סוף געווען צווישן זיך געבונדן; צווייטנס צוליב דעם ווייל די נישט יידן האָבן געהאַט אַנדערע פרייע טעג, ימים טובים (די יידן שבת און די פּאַליאַקן זונטיק און חגאות). און אַזעלכע קליינע אונטערנעמונגען, וואָס זיינען בדרך כלל געפירט געוואָרן אין די אייגענע דירות, צו אין געביידעס לעבן דעם אייגענעם וווין־אָרט, זיינען שבת געווען פאַרמאַכט.

די אונטערנעמונגען האָבן געהערט צו פאָלגנדע קאַטעגאָריעס:

| | | אונטערנעמונג | באשעפטיקטע אין איר פערזאנען |
|---|---|---|---|
| (1) | שטיין־אַרבעט | 1 | 6 |
| (2) | מעטאַל־אינדוסטריע | 4 | 4 |
| (3) | מאַשינען־און אַפּאַראַטן־אינדוסטריע | 4 | 4 |
| (4) | האָלץ־אינדוסטריע | 4* | 23 |
| (5) | לעדער פעל און ענ. אינדוסטריע | 1 | 1 |
| (6) | טעקסטיל־אינדוסטריע | 2 | 3 |
| (7) | באַקלייד און פוץ־אינדוסטריע | 66 | 110 |
| (8) | שפייז־אַרטיקלען און גענוס־מיטלען | 8 | 12 |
| (9) | בוי־אַרבעט | 2 | 2 |
| (10) | גראַפישע אינדוסטריע | 2 | 2 |
| (11) | רייניקונגס אנשטאַלט | 2 | 3 |
| | | | 170 |

בלויז אין דער קאַטעגאָריע 1, 4, 8, און 17 האָבן זיך געפונען לוין־אַרבעטער פון דעם אין באַקליידונגס־פאַך (דער עיקר: שניידעריי) 32 לוין־אַרבעטער (אויף דער אַלגעמיינער צאָל 59 לוין־אַרבעטער וואָס האָבן געאַרבעט אין ראַזוואַדאָוו, ד. ה. 54.25%).

## די קאָאָפּעראַטיווע באַנק

וועגן דער באַנק אין ראַזוואַדאָוו געפינען מיר אייניקע סטאַטיסטישע אָנגאַבן און באַריכט, וואָס ס'האָט פאַרעפנטלעכט אין יאָר 1938 דער Związek Żydowskich Spóldzielni w Polsce די אָנגאַבן זיינען פון יאָר 1937.

די באַנק איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1926. אָנהויב 1937 י. זיינען געווען 241 מיטגלידער, צוגעקומען אין לויף פון יאָר 19, אַרויסגעטרעטן 17; געבליבן איז אויפן סוף יאָר: 243;

| | |
|---|---|
| פון זיי זיינען געווען סוחרים און פאַבריקאַנטן | 161 |
| האַנטווערקער | 35 |
| ביוראַ־אָנגעשטעלטע | 15 |
| פאַרשיידענע | 32 |
| ס"ה | 243 |

די הויך פון פאַי לויטן סטאַטוס פון באַנק האָט באַטראָפן 25 זל. די מיטגלידער זיינען געווען פאַראַנטוואָרטלעך אויף נאָך 10 זל. אין משך פון יאָר האָט מען אַריינגעטראָגן פּקדונות אויף אַ סכום פון 110,765 זל., אַרויסגענומען האָט מען פּקדונות אויף אַ סכום פון 109,520 זל. די צאָל פּקדונות אויף סוף יאָר האָט באַטראָפן 81.

מיט דער באַנק האָט אָנגעפירט אַן אומזיסטע דירעקציע; די צאָל באַאַמטע (באַצאָלטע) האָט באַטראָפן 3. זייער געהאַלט האָט באַטראָפן צוזאַמען 3,832 זל. אַ יאָר.

אין משך פון יאָר האָט די באַנק אַרויסגעגעבן הלוואות צו 186 פּערזאָן אויף אַ סומע פון 86,350 זל. די צאָל לוים צום סוף יאָר האָט באַטראָפן 220. וועקסלען האָט אין לויף פון יאָר די באַנק דיסקאָנטירט אויף אַ סכום פון 145.301 זל. דאָקומענטן אויף אינקאַסאָ האָט די באַנק באַקומען 5.317 אויף אַ סכום פון 685.830 זל. דער ריינער רווח פון דער באַנק האָט באַטראָפן אין משך פון יאָר — 1.125 זל.

שווער פון די טרוקענע ציפערן איז צו זען, אַז דער עקאָנאָמישער מצב פון די מיטגלידער פון קאָאָפּעראַטיוון באַנק איז נישט געווען קיין געהויבענער; און זיי בילדן דאָס דעם רוב מנין און רוב בנין פון גאַנצן יידישן ישוב אין שטעטל, דער דורכשניטלעכער סכום פון אַן הלוואה האָט באַטראָפן אינגאַנצן 465 זל. מ'זעט אויך, אַז אַ גרויסע צאָל „שפּאָרערס" האָט אין משך פון יאָר אַרויסגעצויגן אירע פּקדונות; צווישן זיי געפינען זיך קודם כל יורדים, פּאַרימטע, און זיכער אויך געציילטע, וואָס האָבן פאַרלאָזט די שטאָט און געפאָרן זוכן גליקן ערגעץ־אַנדערשוואו.

דער עיקר האָט די באַנק געדינט אויף צו דיסקאָנטירן אַ וועקסל. אויך דער רווח פון באַנק באַווייזט, אַז די באַנק־מיטגלידער האָבן אויך פון איר נישט געקאָנט ציען קיין רווחים; נישט געווען קיין „באַנקירן", אינגאַנצן האָט די הכנסה — אויף יעדן איינעם פון די אקציאָנערן — דורכשניטלעך באַטראָפן אין לויף פון יאָר 5—4 זל.

דער דירעקטאָר פון באַנק איז אין די לעצטע יאָרן געווען זילבער זיסל.

* 5 נישט טעטיק.

# פנים אל פנים מיט דעם ראבינאט און ראשי הקהילה

יעקב גולדמן

אין אַ געוויסן פֿאַרמיטאָג, ווען איך האָב ווי יעדען טאָג באַזוכט די וווינונג פֿון מיינע עלטערן (איך אַליין האָב גע־וווינט און געהאַט דעם ביוראָ ביי אַנטעק מיגיעלסקי אין האָטעל, דאָס צווייטע הויז פֿון קינא) האָט מען מיר געזאָגט,



מרים (מאריאמצי), אשת הרב ר' נפתלי

אַז דער שמש פֿונם רב האָט מיך געזוכט און געבעטן קומען צום רב אין אייגענעם בית המדרש. נישט קלערנדיק לאַנג, צו וואָס און צו ווען מען רופֿט מיך, האָב איך זיך אַ לאָז געטון צום רב.

ווען איך בין אַריינגעקומען אין בית המדרש, האָב איך צו מיין פֿאַרוווּנדערונג דערזען זיצן ביי אַ טיש דעם ראַבינאַט (ר' נפתלי, ר' משה'לע און דעם דיין י. רוקח. ביים צווייטן טיש, אין דערזעלבער ליגיע, זיינען געזעסן די „ראשי העיר". אַרום די טישן זיינען געזעסן סתם „קיביצערס" (צוקיקערס).

נישט וויסנדיק צו וואָס מען רופֿט מיך, האָב איך אויף קיין פֿאַל זיך נישט געקאָנט פֿאָרשטעלן, אַז די גאַנצע לעבעדיקע דעקאָראַציע אַרום ראַבינאַט איז צוליב מיר.

איך האָב אויך געזען דורך דעם פֿענסטערל פֿון פּרויען־שול עטלעכע פֿרויען און צווישן זיי די סימפּאַטישע רעבי־צענס.

הרב ר' נפתלי האָט מיך געבעטן זיצן און נאָכדעם האָט ער אָנגעהויבן מיט אַ קליינער הקדמה אַביסל מיך געלויבט בפני כל עם ועדה. נאַטירליך ער האָט אָנגעהויבן פֿון זכות אָבות און נאָכדעם איז ער אַריבער צום „עצם הענין":

„גאָלדמאַן, זייט אַ צייט באַקלאָגן זיך ביי אונדז בעלי־בתים, אַז אין אייער קינאָ־טעאַטער שפּילט מען פֿרייטיק צו־נאַכטס. זיי טענהן אַז דער ענין איז גורם צו חילול השבת פֿון זייערע קינדער, וועלכע קענען נישט ביישטיין דעם „יצר־הרע" און גייען אין קינאָ.

דער ראַבינאַט ווענדט זיך צו אייך און בעט צוליבן גוטן יחס וועלכער האָט ביז היינט צווישן אונדז געהערשט אויפֿ־צוהערן שפּילן פֿרייטיק־צונאַכטס. לויט ווי מען אינפֿאָר־מירט אונדז האָט איר עטלעכע פֿרייע טעג אין דער וואָך, איז



שאול האפערט, יד ימינו של הרבי



חיים־אפרים ויזן, מנכבדי הקהילה

דאָך אַ שאלה: פאַרוואָס נישט שפּילן אַן אַנדערן טאָג שטאָט פרייטיק צונאַכטס. דאָס איז אַלעס".

איך קוק זיך אַרום איבער דעם זאַל, עס האָבן זיך אינצ־ווישן פאַרגרעסערט די קיביצערס. איך האָב נישט באַמערקט קיין איינציקן בייזן בליק. עס איז געווען צו באַמערקן אַ נייגיריקייט ביי אַלע אויף מיין ענפער.



יהודית הורוביץ,
בת הרבי ר׳ נפתלי זצ"ל

איך האָב אָנגעהויבן צו רעדן:

„חשובער ראַבינאַט, איך בין ערשטוינט צו הערן אומבאַ־רעכטיקטע טענות פאַר שפּילן אין קינאָ אין די לעצטע צייַ־טען פרייטיק־צונאַכטס. און איך ענטפער׳ט:

1. פאַרוואָס קאָן אַן אַנדערער טאָג נישט פאַרטרעטן פרייטיק? פרייטיק איז אַ אָוונט נאָך אַ וואָך פון האַרעוואַניע און עס גליסט זיך יעדן אָפּרוען.
2. עס וועט זיך דאָ נישט געפינען קיין איינער וועלכער וואָלט געקאָנט זאָגן, אַז איך האָב אים צוגערעדט גיין פרייטיק אין קינאָ.
3. בנוגע „חילול השבת": איך קאָן באַהויפּטן, אַז ווען די אין די פּריוואַט־וווינונגען יוגנט וואָלט נישט געווען אין קינאָ, וואָלט אַ יעדער פון זיי געהאַט די מעגלעכקייט צו באַגיין מער עברות ווי אין קינאָ.
4. דער רב האָט אַליין באַמערקט, אַז זייט אַ צייט שפּילט מען פרייטיק. שטימט, איך שפּיל זייט דער צייט, וואָס איך האָב אַ קריסטלעכן שיתוף. לכן, מיט וואָס פאַר אַ טענה קאָן איך קומען צו מיין שיתוף און אים זאָגן: הער נאָר שיתוף מיינער, מיר מוזן אויפהערן שפּילן פרייטיק, ווייל דאָס איז חילול ה־שבת. איך בין איבערצייגט, אַז ער וועט קלערן, אַז איך בין משוגע געוואָרן. (איך האָב געמאַכט אַ קליינע פּויזע, און דער רב ר׳ נפתלי האָט דאָס באַ־נוצט, כדי מיך צו פרעגן).

הרב ר׳ נ.: וויפל אומגעפער איז אייער פאַרדינסט פרייטיק־אָוונט, אפשר וואָלטן מיר אייך געקאָנט דאָס ענ־שעדיגן?

איך: דאָס קומט זיכער נישט אין פראַגע. מיר שפּילן כדי צו פאַרדינען, אָבער מיר ווען קיינמאָל נישט צושטי־מען נעמען געלט פאַר נישט שפּילן, ווייל דאָס איז נישט מאָראַליש.

און יעצט נאָך אַ באַמערקונג:

די קאָנצעסיע מיינע געהערט ביז צום היינטיגן טאָג נאָך דעם „שטשעלעץ" (אַ קריסטליכע געזעלשאַפט), אַז דער ענין וועט דערגיין צו די קריסטן בכלל און צום שטשעלעץ בפרט,



חנה׳לה בת ר׳ אפרים׳ל הורוביץ



אלתה חייה, אשתו של הרב ר׳ משה׳לה

וואָס וועל איך טענהן? (איך האָב ווידער געמאַכט אַ פּויזע).

הרב ר' נ.: און וואָס וועלן מיר ענפערן די בעלי בתים, וואָס האָבן זיך צו אונז געווענדט?

איך: א) אַז זיי זאָלן, אַ יעדער פון זיי פּרוּוון צו איבערצייגן זייערע קינדער, אַז גיין אין קינא פּרייטיק־צו־נאַכטס איז אַן עבירה. איך פאַרזיכער אייך, אַז איך פון מיין זייט וועל אין דעם ענין בלייבן פּאַסיוו, ווי דאָס וואָלט מיך גאָר נישט אָנגעגאַנגען.

צום שלוס בין איך גרייט איינצוגיין אויף פאָלגענדער פשרה: איך בין גרייט צו נעמען אַ שטר־מכירה פּונקט ווי יעדע טראַפיק וואָס האָט ביי זיך אין דער טראַפיק אַ קריסטלעכן פאַרקויפער.

הרב ר' נ.: דאָס קומט נישט אין פראַגע. אין טראַפיק גייען בלויז קריסטן, אָבער אין קינא גייען אויך יידן.

איך: איך באַדויער זייער אָבער קיין אַנדערע עצה זע איך נישט. (און ביי דעם האָב איך זיך געפּרוּווט אויפצושטעלן).

הרב ר' נ.: נאָך אַ מאָמענט, אָבער וועניגסטנס מאָרגן שפּילט נישט.

איך: איך קאָן דאָס נישט טון, מיר האָבן באַשלאָסן יאָ צו שפּילן (און דאַביי האָב איך זיך אויפגעשטעלט).

לאַנגזאַם האָבן זיך אַלע אויפגעשטעלט און עס האָבן זיך געבילדעט פאַרשידענע גרופּעס וועלכע האָבן מיטאיינאַנדער גערעדט. איך בין נישט געבליבן פאַראייינזאַמט. צו מיר איז צוגעטרעטן די יונגע רביצן (די פרוי פון ר' משה'לע).

רעביצן: זייט מודה הער גאָלדמאַן, אַז ווען דער שווער וואָלט געלעבט, וואָלט איר אים נישט אָפּגעזאָגט.

איך: איר האָט אַ טעות, רעביצן, איך בין אייך מבטיח, אַז איך שעץ הרב ר' נפתלי און הרב ר' משה'לע נישט ווייניקער ווי זיין פאָטער אָבער מען דאַרף נישט פאַרלאַנגען קיין אוממעגלעכע זאַכן.

זייט געזונט רעביצן און בין מיט אַ פאַרנייגונג אַוועק. איך האָב זיך פאַרנייגט פאַרן ראַבינאַט און האָב זיך געווענדט צום אויסגאַנג. עס האָט זיך מיר אָנגעשלאָסן אַ יונגערמאַן מהמקורבים פון „הויף". אַז מיר זיינען שוין געווען דרויסן זאָגט ער צו מיר:

. . . איך האָב אייך באַוואונדערט, איר האָט געהאַט אַזאַ כח אייך אנטקעגן צושטעלן דעם ראַבינאַט און אַזוי פיל בעלי־בתים. אַלע זיינען דאָך געווען קעגן אייך.

איך: איר האָט אַ טעות, ליבער פריינט, אַלע האָבן געוווּסט, אַז עס איז געווען „אַ ברכה לבטלה". איר אויף מיין אָרט וואָלט געווען געהאַט דעמזעלבן כח.

אַז איך בין אַריין אין דער וווינונג פון די עלטערן איז די מוטער געווען די ערשטע, וואָס האָט געפרעגט, וואָס עפּעס האָט מיך דער ראַבינאַט געברויכט?

מען האָט זיך געזעצט ביים טיש און איך האָב אָנגעהויבן בקיצור צו שילדערן וואָס דאָרט איז פאָרגעקומען. ביים סוף איז די מוטער געווען די ערשטע וואָס האָט געפרעגט, מיט וואָס מיר זיינען זיך פונאַנאַנדער געגאַנגען. איך האָב געענטפערט מיט אַ שמייכל: „מיט דעמזעלבן מוט וואָס מיר האָבן זיך געזעצט צום טיש. יעדער איז געבליבן ביי זיין דעה". איך האָב איר אַפילו דערצעלט די באַגעגניש מיט דער יינגער רעביצ'ן.

דער פאָטער האָט זיך גאָרנישט אָנגערופן, טראָצדעם וואָס איך האָב גוט געוווּסט, אַז דער ענין אינטערעסירט אים. מיין פאָטער איז תמיד געווען אין אַזעלכע מאָמענטן „למראית עין" דער נישט פאַראינטערעסירטער. ער האָט זיך צוריקגעהאַלטן פון זאָגן אַ דעה, כדי נישט קאָלע מאַכן דעם ענין. קוקנדיק אויף אים, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז פון איין זייט איז ער צופרידן וואָס איך בין אַוועקגעגאַנגען „אַ גערעכטער" פון דער צווייטער זייט, האָב איך גוט געוווּסט פון וואָס ער וואָלט הנאה געהאַט.

אין דעם מאָמענט איז צו מיר צוגעגאַנגען די מוטער און פרעגט מיך כאילו זי האָט נישט געהערט דעם ענדע: און וואָס וועסטו יעצט טון?

צום ערשטן מאָל האָט דער פאָטער זיך אָנגערופן: וואָלסט אים בעסער געלאָזט זיך אָפּרוען אָדער גאָר געגעבן מיטאָג צו עסן.

די מוטער האָט יעצט געקוקט אויף מיר, וואָס איך וועל זאָגן. איך האָב זיך אויפגעשטעלט און זי שטיל געפרעגט: (אָבער אַלע האָבן געהערט) וואָלסטו הנאה געהאַט, מוטער, ווען איך זאָל נישט שפּילן? זי האָט קוקנדיק אויף מיר געענטפערט מיט אַ שמייכל: דו פרעגסט נאָך?

נו, אויב אַזוי, האָסטו געפּועלט, מוטער. כ'האָב אין זעלבן מאָמענט געגעבן אַ קוק צום פאָטער און באַמערקט אַז אויך זיינע אויגן האָבן יעצט אַנדערש אויסגעזען.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער האָב געטראָפן מיין באַגלייטער פון נאָך דער אספה ביים ראַבינאַט. ער האָט זיך אָנגערופן:

. . . הער גאָלדמאַן, איר זענט געקומען ווי געוווּנשען.

איך: וואָס האָט פּאַסירט?

ער: פרעגט נישט, מען האָט שבת נישט אויפגעהערט פון אייך רעדן.

איך: (לאַכנדיק) גוסט צו שלעכטס?

ער: (אויך לאַכנדיק) נאַטירלעך גוטס. ספּעציעל דערפאַר, וואָס מען האָט זיך נישט געריכט דאַרויף נאָך אייער אָפּזאָג.

א י ך: איינס צום אַנדערן האָט נישט קיין שייכות. דאָרט האָט געמוזט זיך פאַרענדיקן מיט דער געראַכטיקייט. דאָס וואָס איך האָב דערנאָך פרייוויליק געטון, דאָס איז שוין מיין פריוואַטער ענין.

ע ר: דער עיקר, אַזביידע צדדים האָבן יעצט הנאָה.

א י ך: אַפילו דער דריטער צד.

ע ר: ווער איז דער דריטער צד?

א י ך: איר, (און דערביי האָב איך דערלאַנגט די האַנט) אַ גוטען!

לאַכנדיק האָבן מיר זיך צעשיידט.

# די ליגע פאַרן ארבעטנדיקן ארץ ישראל

ידידיה גרינבוים

די ליגע פאַר אַרבעטנדיקן ארץ ישראל אין ראַזוואַדאָוו איז געווען אין די דרייסיקער יאָרן אַנגעזעעזן אין שטאָט. און דאָס אַדאַנק אַזעלכע טייערע און איינפלוסרייכע פּערזענלעכקייטן, וועלכע זיינען פון אונדז אַוועקגעריסן געוואָרן, דורך די נאַצישע מערדערס, אַדער אומגעקומען אין רוסלאַנד פון הונגער און נויט. איך וועל דערמאָנען אַ פּאָר פון זיי און אָנהויבן מיט דעם עלטסטן פון די ציוניסטישע פירער אין שטאָט: ד ו ד ל י י ב ב ל י מ אַ ן ע״ה. ווי לאַנג איך האָב אים געקענט, האָט ער געלעבט אין זייער שווערע אומשטענדן. און דאָס האָט אים נישט צוריקגעהאַלטן פון אַוועקצוגעבן זיין גאַנץ לעבן פאַר דער דערציונג פון דער יוגנט אין שטאָט. עס איז אים אויך אויסגעקומען צו ווערן באַליידיקט נישט איינמאָל פון קעגנער, אַדער עלטערן פון קינדער, וועלכע זיינען נישט איינשטימיק געווען מיט זיין אַרבעט. נאָר דאָס האָט אים נישט צוריקגעהאַלטן. ער האָט זיין צייט, חכמה און אינטעליגענץ אָפּגעגעבן דעם ציוניסטישן אידעאַל.

ווער געדענקט נישט אונדזער טייערן חבר ב ר ו ך ב אַ ר ג ע ר? עס איז געווען אַ כבוד צו באַלאַנגען צו אַן אָרגאַניזאַציע, פון וועלכער איז געווען איינער פון די פירער. ער האָט אונדז שטאָלץ פאַרטרעטן אין דער ראַזוואַדאָווער קהילה, ווי אויך ביי פאַרשיידענע אַנדערע געלעגנהייטן. זיין הויז איז געשטאַנען אָפן פאַר די חברים און נישט איינמאָל פלעגן מיר זיצן ביז שפּעט אין דער נאַכט און אויסאַרבעטן פלענער פאַר פאַרשיידענע פּאָליטישע און אַנדערע אַקציעס. פיזיש נישט קיין שטאַרקער איז ער קיינמאָל נישט מיד געוואָרן און האָט זיך קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט פון קיין שום אַרבעט, וועלכע מען האָט אויף אים אַרויפגעלייגט. איך האָב אים געזען דאָס לעצטע מאָל אין 1941 אין אַ שטאָט אין רוסלאַנד, אַ פּאָר טעג שפּעטער, ווען איך בין געוווירע געוואָרן, דאָס ער איז קראַנק געוואָרן אויף טיפוס (וואָס האָט דאַמאָלסט געבושעוועט און אַוועקגעשניטן טויזנטער לעבנס) און ער געפינט זיך אין האָספּיטאָל, בין איך מיט זיין שוואָגער העשל ראָזען געגאַנגען אים זוכן אין שפּיטאָל און מיר האָבן אים שוין מער נישט געקענט געפינען. מיר האָבן אים נישט געקענט ברענגען צו קבר ישראל, זאָל אים די ערד גרינג זיין.



לייזר בירנבוים

א ל י ע ז ר ב י ר נ ב ו י ם. ער איז נישט געווען קיין געבוירענער אין ראַזוואַדאָוו. נאָר זינט ער איז געקומען צו אונדז אין שטאָט אַריין, ביז צום איבערציען זיך קיין טאַרנע (1938 גלויב איך) האָט ער מיט אונדז מיטגעאַרבעט און מיר זיינען שטאָלץ געווען צו האָבן אַ מאַן מיט אַזעלכע פעאיקייטן אין אונדזערע רייען. אַ סך פון אונדז געדענקען נאָך אים געוויס אַלס רעדנער ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן. ער

איז געווען אונדזער פאַרשטייער אין שטאָטראַט (געמיינדע) ווי אויך פאַרנומען אַנדערע אמטן אין שטאָט. אין אונדזערע רייען האָבן זיך געפונען זייער פיל געטרייע חברים און עס איז שווער זיך אָפּצושטעלן אויף יעדנס פּערזענלעכקייט. מערערע פון זיי זיינען אומגעקומען פון די רוצחישע הענט. איך ווייס, אַלס געוועזענער סעקרעטאר פון דער ליגע אַ ריי יאָרן, ווי טריי זיי זיינען אַלע געווען, זיי האָבן זיך קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט פון קיין אַרבעט. ווער געדענקט נישט מיט וואָס פאַראַ איבערגעגעבנקייט זיי פלעגן אַרבעטן ביי די וואַלן צום ציוניסטישן קאנגרעס, צו דער קהילה צו שטאָט־ראַט ? !

מיר וועלן קיינמאָל זיי נישט פאַרגעסן.

# „יד חרוצים"

משה שר־מהלר

לאחר מלחמת העולם ה־1 נוסד בעיירתנו ארגון של בעלי־מלאכה „יד חרוצים" שיזם פעולות ומוסדות עזרה בכל שטחי החיים החברתיים. עיקר הפעולות התרכז בעזרה הדדית ועזרה לנזקקים באמצעות הקופה „גמילות חסדים" וחברת „בקור חולים" שנוסדו ליד הארגון. נציגות הארגון הוכנסה גם להנהלת סניף הבנק הקואופרטיווי העירוני Zydowski Bank Spółdzielczy. ארבעה נציגי ארגון „יד חרוצים" שימשו כחברים במועצת העירייה.



אברהם ואליעזר וינשטוק, בניו של בנימין וינשטוק

הארגון נתן הלוואות ללא רבית באמצעות קופת „גמילת חסדים" או „הבנק הקואופרטיווי" ותשלום שכר לימוד „לתלמוד תורה" למחוסרי אמצעים. נוסף לכך התנהלו גם פעולות חברתיות פוליטיות.

הארגון היה פעיל עד שחוסל הישוב היהודי ע"י גירוש האוכלוסיה היהודית מהעיר בחוה"מ סוכות 1939.

ההנהלה כללה את החברים הבאים :

יו"ר : ברל רייס (המבוגר)

סגן יו"ר : מ. ברגשטיין

מזכיר : ישראל אפטלין

חבר : ברל רייס (צעיר)

חבר : אברהם מאהלר

" משה שער־מהלר

" מרדכי רייכר

" יוסף שפירא

כמזכיר „גמילות חסדים" שימש : מרדכי רייכר

הנהלת „ביקור חולים" : אנהיזיגר ישראל, נטע ושלמה בוך.

נציגי הארגון בבנק „ספולדזילצ׳י":

בריש מאהלר — זיסל ברונפלד

משה בוך — שמעון פלוס

# מנהלי בית הספר העברי

אריה גרינבוים

כאחד מחניכי בית הספר העברי בעירנו מוצא אני לחובה להעלות אי אלה זכרונות מימי לימודי בבית ספר זה.

כשהמדובר בבית הספר העברי ברוזוואדוב יש להזכיר בראש ובראשונה את האיש שהיה הרוח החיה של בית הספר, משה פליקצו ז״ל. בקי בכל תחומי היהדות היה גם מחנך ומורה בחסד עליון, אשר ידע להלהיב לבבות בעת הוראת תורת ישראל ושפת הקודש. כמה כוח ומרץ השקיע על מנת להנחיל לנו ידיעות בשפה העברית ובדברי ימי ישראל, ומה גדולה הייתה אהבתו לישראל ולארץ ישראל, אותה השתדל להחדיר גם לליבותינו. זכורים לי היטב שיעוריו בשפה העברית ובספרותה, עת לימד אותנו שירי ביאליק וסיפורים של פרישמן ופרץ, או בזמן שטרח ללמדנו את תורת הדקדוק הקשה. וכן השעורים בנביאים ובכתובים.



משה פליקצו, מורה בבית הספר העברי, ניספה בשואה

משה גיזלשטיין ז״ל, הורה לנו תורה וגמרא בבית הספר. הוא היה ממשיך מסורת אביו, מלמד התורה הידוע בעירנו, ר׳ ניטה׳לע מלמד ז״ל. כל מאמציו היו לחנכנו ליהודים שומרי מסורת אבותינו.

ואחרון אחרון, דוב לייב בלימן ז״ל. פעולותיו של איש זה למען התנועה הציונית בעירנו בוודאי ייכתבו בספר זה. כאן ברצוני רק לציין, כי דוד לייב בלימן היה גם המייסד הראשי של בית הספר העברי ומנהלו האדמיניסטראטיווי.

רצה הגורל ושלשת האנשים האלה, אשר פעלו כה הרבה למען א״י, לא זכו להגיע אליה. היד הרצחנית של הנאצים פגעה בהם והם נאספו יחד עם כל קדושי ישראל.

# קן השומר הצעיר ברוזוואדוב

אליעזר בן אבא רייך

מעטים היו קני השומר בגאליציה, אשר הטביעו חותמם על הציבור היהודי שבעירם ועל הסביבה, כפי שהשפיע קן השומר הצעיר ברוזוואדוב על הקהילה היהודית המקומית בכל שטחי חייה, על כל שכבותיה וגילאיה.

יחסית, קם קן השומר הצעיר במאוחר — 1924. שכרון הלאומיות הפולנית גלש אז לשוביניזם, לאנטישמיות ולהצרת גבולם הכלכלי של הציבור היהודי הנדחק יום־יום ממקורות פרנסתו הדלים. הימים הם ימי גראבסקי, הממציא שמות למסים ולהיטלים, שבאו לנשל ולדלדל את היהודי עד הוצאת נשמתו. במקביל למדיניות הפינאנסית האנטי־יהודית הידועה לשמצה, פעלה „התנועה הקואופראטיווית" „המתקדמת" "Kółka Spółdzielcze", "Kółka Rolnicze". למיניהן פעלו כולן בסיסמה הידועה Swój do swego.

גרמניה המנוצחת, המדולדלת והמסוכסכת מבפנים לא הייתה עוד שוק לייצוא לעצים, ענף שהיה מפרנס במשך שנים רבות רבבות משפחות, והקים שכבות אמידות ויחסיות. נעלם סוחר היערות, נעלמו משיטי הדוברות „סוחרי־דנציג". נשמט והלך בסיסם הכלכלי של בעלי המלאכה



קן השומר הצעיר

היהודיים בעיירה: של הנגר, של החייט, של הסנדלר וכו'. אל העיירה היהודית הגאליצאית פרצו האיכרים מהסביבה החקלאית — בניהם של בעלי המשקים הננסיים. פולין המ־שוחררת לא התכוונה לריפורמה אגרארית שיש עמה משום פתרון לשאלת האיכרים מוכי הדלות. ארה"ב של אמריקה נעלו את שעריהן, והנהיגה את ה־Quota. נסתתמו כל מקו־רות הפרנסה. הצעיר היהודי בפולין המשוחררת נשא עיניו לסיכוייו בעתיד — והנה הם אטומים וחסרי תקוה. כל אלה — בעוד יהדות גאליציה טרם רפאה פצעיה מהעקירה הגדו־לה של שנות המלחמה הגדולה, של פרעות האלר ושל מלחמת „הנס על הויסלה".

כל הגורמים שנמנו לעיל פעלו במשנה תוקף על רוזווא־דוב בהיותה לפני המלחמה עיירת־גבול שבין גאליציה לפולין; בהיותה צומת דרכים על קו למברג־קראקוב־וינה,



המורה משה פליקצו עם בוגרי בית הספר העממי העברי

ולאחר מכן, למברג־וארשא. קשרים רבים קשרוה לגרמניה ולווינה, ועתה נוספו אליהם קשרים עם פולין „הקונגרסאית" לשעבר. עוד בשחר ימיה של הציונות המדינית, נוסד כאן „בית יהודה" — סניף להסתדרות הציונית. מורים הובאו ללמד את הבנות עברית בעברית. נמצאו יהודים שקנו „מושבות" בפלשתינה, קראו את „הצפירה", הפיצו את הקופסה הכחולה, והפגינו מהפכנותם נגד הרב בשירם את „התקוה" אחרי הקפות בשמחת תורה.

הצהרת בלפור, ובעקבותיה החלטת סן רימו, הצמיחו כנפיים לסניף ההסתדרות הציונית, שהוקם מיד עם שובם של רוב תושביה היהודיים של רוזוואדוב לביתם אחר גלות וינה (1914—1918). הוקמה הספרייה העברית והוקם בית ספר ערב ללמוד העברית החיה. הדיבור העברי נצטלצל בחוצות העיירה. בבית ההסתדרות הציונית יכולת למצוא את „העולם", את העיתונות היומית ואף את הפריודיקה שיצאה בעברית. את החיבה לשפה העברית הנחילו לנו בני הדור הקודם, „המשכילים הנערצים", ביניהם המשורר העברי מאיר מוהר (עתה בת"א), העילוי ר' משה רייך (מוסד הרב קוק — ירושלים), אלעזר שטורך־חסיד (חיפה) והעסקן הבלתי נלאה דוד לייב בליהמן.

רבים מבני הדור הקודם נישאו על כנפי הבשורה של הצהרת בלפור, חזרו לשעה לעיירה אחרי „גלות וינה", ובפיהם בשורת העלייה החלוצית וההכשרה לעבודה חקל־אית. ילדים היינו, וראינו את הבחורים ששרתו בצבא האוס־טרי עם שובם מחזיתות המלחמה משכירים עצמם לבעלי

די הילף איז תמיד געקומען, נישט דורך אַ שר אין הימל און אפשר ווער ווייסט, יעדנפֿאַלס די הילף איז געקומען דורך אַ שליח. און דער שליח איז געווען — מחשבה. און די מחש־בה איז געווען לאטעריע, בדרך כלל האָט פיניע כהן נישט געשפּילט אויף דער לאַטעריע. שטייט דאָך אוהב שחוק לא נתעשר, נאָר אַז עס איז געקומען די צייט חתונה מאַכן איינע פון זיינע טעכטער, האָט ער געגעבן אַ שפּיל אויף דער לאַטעריע מיט דער מחשבה, אולי ירחם?. גאָט האָט זיך מרחם געווען און אים צוגעשפּילט כדי צו קענען חתונה מאַכן אַ טאָכטער, אַז די טעכטער זאָלן ביי אים נישט בלייבן אין „חדר".

איינע פון די טעכטער, ריקל, האָט גענומען פאַר אַ חתן מאיר וואַכהאַלדער. דער מלמד האָט נישט געקענט מקיים זיין די מצוה צו נעמען אַ תלמיד חכם פאַר אַן איידעם, נאָר אַ בן תלמיד חכם איז מאיר געווען.

ריקל איז שוין געווען אין די יאָרן אַריבערגעטאַנצט די שמונה עשרה לחופה און אפשר אַפילו עלטער מיט אַ יאָר אָדער צוויי. אַזוי האָט מען געשמועסט נו, אַז מען שמועסט, ווייסט מען.

דער שוויגער, דער מוטער מאיר׳ס שפּרינצען, האָט ריקל אייגנטלעך נישט געפעלן. זי האָט פאַר אירע שיינע בנים געוואָלט האָבן שיינע שנירס און צו דעם האָט זי קיין מזל געהאַט. ריקל — חוץ שווי שיינע חן־גריבלעך צו איר שמיי־כלנדיק פּנים — איז קיין שיינע נישט געווען. דערפאַר האָט זי געהאַט מידות טובות. אַנגעגאַנגען אַלס צדקת, געווען שטיל באַשיידן. תמיד ממש אין אַ ווינקל געזעסן מיט דעם טעפּל קאַווע אין דער האַנט. מאיר׳ן, וואָס איז געווען אַ טעמפּעראַמענטפולער, האָט זי שטיל פאַרשוויגן, קיינמאָל אים אויס די כלים נישט אַרויסגעבראַכט.

איינמאָל איז צווישן זיי יאָ געווען אַ סכסוך, געווען איז עס תיכף נאָך דער חתונה. צוליב אַן עוף. ריקל איז געגאַנ־גען אין מאַרק באַצאָלט אַ פויערטע וויפל מען האָט געהייסן, זיך נישט געדונגען. אַז מאיר האָט דערהערט וויפיל זי האָט איבערגעצאָלט, איז ער געוואָרן מלא כעס, ווי גיט מען אויס אַזוי פיל געלט? און ווי אַ מבין אויף עופות, אַ בליק געטאָן פון דערוווייטענס, האָט מאיר געוווסט אַפילו וויפל שמאַלץ ס׳וועט דערפון זיין. איי קלייניקייט, וויפל וואַגאַנען גענדז און עופות האָט ער איז זבידניעוו צוזאַמענגעקלאַפּט און פאַרקלעפּט מיטן צעטל „זבידניעוו־כשאנעוו" און געשיקט קיין כשאַנעוו, פון וואַנען זיי זיינען אַוועק קיין דייטשלאַנד. געפירט אַ גרויסן מסחר האָבן די ברידער וואַכהאַלדערס. אברהם הויקער, וואָס צו אים איז ס׳מזל געקומען און גע־טאַנצט דורך טיר און טויער. דער צווייטער שותּף ישראל

משה, וואָס מען האָט גערופן טאַשיעק, ווייל אַלס קינד האָט ער גערופן „טאַשיאַני טאַשיאַני לאַמיר גיין צו דער מאַ־מען", אויך דער יינגסטער, דער בן זקונים הערשעק, אַ וואויל־לערנער, געהאַט אין שטוב אַ ספּעציעלן מלמד ר׳ הערשעלע. הערשעק האָט געפירט די קאָרעספּאָנדענץ מיט שפּרינצעס קינדער וואָס אין דער וועלט און מיט די סוחרים.

פאַרשטייט זיך, אַז יידן האָבן געזען אַזאַ מסחר קיין עין הרע, האָבן זיך געמאַכט קאָנקורענטן. האָט מען זיי אונטע־געשטעלט אַ פיסל. נאָר איין שותף האָבן די וואַכהאַלדערס געהאַט, מלך זילבער וואָס האָט אין ראַזוואַדאָוו געבאַקן היימיש ברויט צום פאַרקויפן.

זייט דעם מחלוקת צווישן מאיר און ריקלען איז געבליבן למען שלום־בית, אַז מהיום קויפן וועט ער מאיר און זי ריקל וועט קאָכן. און אַזוי האָט זי שפּעטער אירע טעכטער רוכטשע און שיינציען געלערנט, אַז מיט אַ מאַן מוז מען קענען זיך צוזאַמענלעבן און פאַרשווייגן, אַז מ׳וויל אַז ס׳לעבן זאָל האָבן אַ קיום. ריקל האָט זיך נוהג געווען יעדערן דאַנערש־טיק צו באַקן שבת בולקעלעך און פרייטיק צו פאַרטיילן ראַזוואַדאָווער אָרעמע לייט ווי אויך מדינה־גייערס. אורחי פורחי וואָס זיינען פאַרבליבן אויף שבת, האָבן געוווסט צו קומען צו ריקלען נעמען „שבת בולקעלעך". ריקל האָט אויך געגעבן צדקה און געגעבן האָט זי בנסתר. אַ מאַן דאַרף אויך נישט וויסן. וואָס דאָס אויג זעט נישט, טוט דעם האַרץ נישט ווי, אַזוי האָט דערצויגן ריקל מאירן. ער מאיר פלעגט זיך חכמנען, ווען איך האָב דאָס, וואָס מיין ווייב ריקל פאַר־טיילט, וואָלט איך געקענט ווערן דעם גראַף לובאָמירסקיס אַ חבר. די צוויי טעכטער, וואָס גאָט האָט מאירן און ריקלען באשערט, זיינען זיך נישט געווען ענלעך, נישט אין פּנים און אויך נישט אין כאַראַקטער, מיט איין וואָרט צוויי שוועס־טער — צוויי וועלטן.

די עלטערע רוכטשע מיט אַלע מעלות און מידות טובות. שיין און פיין, אַ שאַטינע מיט אַ צאַרט קלוג לענגלעך פּנים. די יינגערע שיינטשע פלעגט אויף איר זאָגן „די גאַנצע מומע חייה". שיינטשע — אַ טונקל פּנים, די אויגן פון פאָטער, אַ נידעריקע און ברייטלעך. די עלטערע רוכטשע האָט יעדערן געפעלן; זי איז אויך געפעלן העשעקן, אַ זון פון חיה האַ־ראַוויץ, מאיר׳ס א שוועסטער פון קראָקע. און אויך איר חיה׳ן מאיר׳ס שוועסטער איז זי שטאַרק געפעלן. רוכטשע, אַ טייער קינד, פלעגט חיה זאָגן, זיך געוווּנטשן דערלעבן זי האָבן פאַר אַ שנור פאַר איר זון העשעק, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען משולם, נאָך זיין עלטער זיידן דעם שטאַם־פאָטער פון די גאַליצישע וואַכהאַלדערס און צבי נאָך אַ הערשל, און גערופן האָט מען אים העשעק.

רוטשטע און העשעק האָבן זיך אויך געפעלן, ספּעציעל ווען העשעק איז געקומען פון ירושלים און פון בערלין אָנגעטאָן אין אַ העלן גרויען מאַנטשעסטער אַנצוג ווי אַלע די ,חברה׳, וואָס גלויבן נישט אין דעם בורא עולם, אָבגעהיטן זאָל מען ווערן. מאיר האָט געפילט פון דעם שטילן ראָמאַן צווישן זיין טאָכטער און העשעקן, איז ער געווען די מניעה. מאיר האָט געוואָלט פאַרמיאוסן העשעקן און געגעבן אים אַ נאָמען „סמאַלאַק״ פון סמאַלע, „כ׳וויל אים נישט״ — האָט מאיר געשריען; נישט געוואָלט אַפילו דערמאָנען זיין נאָמען „בשום אופן נישט, אַפילו ווען וואַסער און פייער וועט זיך צונויפקומען״.

העשעק האָט געלערנט אַלע מלאכות, וואָס איז ער אַלץ נישט געווען: אַ שניידער, אַ קירזשנער, אַ „סוביעקט״ אין אַ געשעפט, אַ וואַסער־מאָנטער, אַ היטל־מאַכער, שטודירט עפּעס אין בערלין, שרייבט עפּעס אין גאַזעטן און באַשרייבט די משפחה גלייך נישט פאַראַן פון וואָס צו שרייבן. און וואָס האָט זי זיך איינגעטענהט זיך קויפן אַ מאַן מיט צרות רחמנא ליצלן. אַז כ׳זאָל וועלן מאַכן רעוואָלוציע, און מ׳זאָל האָבן צו טאָן מיט דער מדינה, מיט פּאָליציי און זשאַנדאַרמעריע; מ׳זאָל דאַרפן אייננעמען חרפות און בושות, נישט האָבן קיין רואיקע טעג און רואיקע נעכט; מ׳זאָל אויך קומען נעמען קיין „בערעזע״ אָדער אין תפיסות, ווי ער׳איז שוין געווען אַ תושב, ווי אין סטאַניסלאַוו, וואַהין מ׳האָט אים אַהינגע־פירט אין „קייטאַלעך״ און געזעסן מיט די גרעסטע גזלנים רוצחים און קאָמוניסטן. דאַרף זיין טאָכטער שטיין ביי די תפיסה־טויערן זיך צו קענען זען מיט אים. כ׳דאַרף האָבן — האָט מאיר איינגעטהנעט — אַן איידעלן יונגן־מאַן, מ׳זאָל נישט דאַרפן וואַשן ס׳פּנים, און נישט קיין קאָמוניסט, וואָס מ׳האָט אַרויסגעטריבן פון ירושלים, פון דער באַן, ווו ער האָט געאַרבעט, און זיך ס׳גאַנצע לעבן אַרומגעשלעפּט מיט די „שוועסטער און ברידער״, וואָס דרייען זיך מיט באָמבעס אין די טאַשן. וויפיל צרות האָבן זיי, טאַטע מאַמע, געהאַט מיט אים און מיט זיין יאַנקע, אַ פּוילישן פּראָפעסאָרס אַ טאָכטער, וואָס האָבן מורא געהאַט אַז ער וועט זיך נאָך שמדן צוליב איר, געגאַנגען מיט אין די קירכעס; אין בערלין ווידער געהאַט אַ נעמי, אַ טאָכטער פון אַ יידישער מוטער און אַ אונגאַרישן קריסט; אין קראָקע אַ חסידישע טאָכטער סטעפע דעם נאָמען פאַרדרייט פון שרה וואָס איז אַ כלה עטלעכע יאָר און ער שלעפּט זיך מיט איר יאָרן פון קינד־ווייס אָן. איר פאָטער און מוטער זיינען געזעסן אין תפיסה פאַר פאַלש געלט מאַכן, נו, און דעם פעטער ישראלס טאָכ־טער חנה, האָט ער נישט געוואָלט ברענגען אין ירושלים, נאָר ער האָט דאָך געמוזט מיט דיביינער אַנטלויפן.

ריטשע [פון רות] האָט געטאָן ווי טאַטע און מאַמע און גאָט האָבן געהייסן. מאיר מיט זיינע גרויע האָר, ווי אַלע וואָכהאָלדערס, וואָס ווערן יונגערהייט גרוי, ווי די טויבן, איז גרויער געוואָרן. ריטשע האָט אים געפאָלגט נישט ווי היינטיקע קינדער, וואָס טוען וואָס זיי גלוסט זיך ריטשע האָט חתונה געהאַט, הגם העשעק איז איר געלעגן אין מח־שבה. רוטשע האָט לכתחילה נאָך דער חתונה דעם מאַן אירן נעגירט, הגם ער איז געווען אַ גאַנץ אָנגענעמער בחור, אָבער שפּעטער זיך צוגעוווינט ווי אַ סך טוען זיך צוגעוווי־נען און מאיר איז געווען צופרידן; אַ יונגערמאַן וואָס גייט דאַוונען און ווייסט אַז פאַראַן אַ גאָט אויף דער וועלט!

מיט דער יינגערער טאָכטער שיינציען איז שוין געווען שווער, צו טאָן אַ שידוך. זי איז געווען אַן עומד על דעתו, זיך אַרומגעשלעפּט מיט יינגלעך אויף שיפלעך אויפ׳ן סאַן. צום ערשט מיט איינעם, דערנאָך מיט אַ צווייטן, אַ דריטן, געפּרוּווט מזל. געקומען שפּעט אַהיים — קיין נחת פאַרשאַפט די עלטערן און אַז זי האָט געזען אַז אויפן טייך סאַן כאַפּט מען נישט קיין חתן, האָט זי פאַרלייגט די נעצן אויפן ייג־גערן זון פון חיה׳ן אויף מאַקסן־מרדכי, אַ נאָמען נאָך אַ גרויסן תלמיד חכם מרדכי אַראַטען, וואָס ביי אים איז גע־ווען תורה וגדולה במקום אחד, אַ מחותן פון די וואָכהאָל־דערס, אַ גרויס הויז אין קראָקע און פאַרמעגן מיט אַן אייגן בית־המדרש, צוליב „נחת״ — איובס צרות פון אַ טאָכטער, וואָס די וועלט האָט דערמיט געקלונגען, איז ער פרי אַוועק פון דער וועלט, און דעמזעלבן טאָג פון ר׳ מרדכי אַראַטען׳ס פטירה איז מאַכס געבוירן געוואָרן.

חיה האַראַביצעס זון מאַקס איז געווען אַ שיינער פּיזיש אַנטוויקלטער ס׳איינציגע קינד, ביי חיה, מאיר׳ס שוועסטער, פון אירע אַכט קינדער, וואָס איז געווען אַביסל רויטלעך פון איר מוטער שפּרינצע, געהאַט אַ ווייכן כראַראַקטער. מיט וויניק דערפאַרונג אין ליבע האָט מאיר׳ס טאָכטער שיינצע פאַרלייגט אויף אים די ליבעס־נעץ. צוליב אים האָט זי אָנ־געהויבן אָפטער צו קומען אין קראָקע מכלומרשט צו דער מומען חיהן, וואָס האָט זי נישט ליב געהאַט. געקומען צו מאַקסן, שעהן זיך אַוועקגעלייגט אויף דער קאַנאַפּע, גע־וויינט און זיך אויסגעוויינט ביי מאַקסן, ר׳זאָל זי ליב האָבן. און מאיר האָט אונטערגעשיקט זיין יינגסטן ברודער הער־שעק, דעם קאַשע־מאַכער, ר׳זאָל זיין אַ שדכן.

און ס׳זעט אויס, אין די 40 טעג פאַרן געבוירן ווערן איז שוין געווען געחתמעט אין הימל, אַז שיינצע מאיר׳ס וועט ווערן אַ כלה פון איר שוועסטער־קינד מאַקסן. און ס׳האָט נישט געהאָלפן דער מויגלער, אַ ווייבערישער רבי אין קראָ־קע, צו וועלכן חיה איז געלאָפן. דער מויגלער רבי האָט

געזאָגט חיהן, אַז ס'איז אַ פאַרפאַלענע זאַך ווי די געגנבעטע קי אויפן מאַרק מיט דעם שטריק. דאָס זעלבע האָט געזאָגט דער ווייבערישער רבי וואָס מ'האָט גערופן „כלאפ" [פּויער].

אָבער חיה איז אַבסאָלוט געווען דאַקעגן. פיינט האָט חיה די כלה אויס צוויי טעמים: דער ערשטער טעם, אַז איר הינטערן ליגט ממש אויף די פיס. נו, מילא אַלע קענען דען זיין ווי אירע חיה'ס טעכטער און זין? מוז מען עס פאַרגעבן. נאָר אַז זי איז אַ נאַשערין, וואָס מ'זעט נישט אין דער וועלט, וויפל זי שיט אַריין אין אַ גלעזל טיי צוקער, איז וויניק זיס, נעמט זי נאָך אַ לעפעלע און נאָך אַ לעפעלע צוקער און עסט. און אַ וויינערין איז זי — איינע אויף דער וועלט; אַז גאָט זאָל שומר און מציל זיין. די איינציקע אירע מעלה איז, וואָס זי קען שיין שטריקן, אויסהאַפטן טייערע זאַכן, נאָר אַריינצושטעלן אין אַ מוזיי. און נאָך אַ סיבה, וואָס זי איז קעגן דעם שידוך, ס'איז בעסער, אַז מען איז זיך נישט משדך מיט משפחה. אָט האָט איר ברודער עובדיה חתונה געהאַט מיט דעם פעטער משה וואַכהאַלדערס טאָכטער און די קינדער האָבן זיך נישט געהאַלטן רחמנא ליצלן. איין יינגל איז יאָ געבליבן, האָט ער געהאַט אַ משוגעת, געשריגן, מ'זאָל אים געבן געלט, און תמיד איז געווען דער דלות, און קיין מזל אין שטוב איז נישט געווען, אַ מערכה, מ'האָט זיך איבערגעצויגן אין ריישע, ווו דער שוועסטערקינד פון זיין פאָטער אשר זילבער אַן עושר, אַ נגיד, האָט אים עובדיה'ן אויסגעהאַלטן מיט וואָכן־געלד. חיה איז געווען קעגן דעם שידוך און אויך צוליבן מחותן דעם ברודער וואָס זי האָט געהאַט צו אים אַ בייז האַרץ.

קיינער נאָר זי חיה איז געפאָרן קיין ניי־סאנץ' צו אים אין מלחמה־צייט, ווען מ'האָט אים געדאַרפט נעמען אין מלחמה, געלאָזט אַלעס שטיין אין שטוב, און נישט געזאָגט אַז זיין ווייב ריקל זאָל פאָרן. זי איז געפאָרן, זיך איינגעשטעלט ס'לעבן געברענגט אים הייסע שטאַרקע קאַווע, און אַז ער, מאיר, איז אַריינגעקומען צום דאָקטאָר, אַז ער פילט זיך שוואַך און דער דאָקטער האָט געהערט ווי ס'האַרץ מאיר'ס האַקט ווי מיט האַמערס; האָט ער אים געגעבן אַ לייכטע דינסט און מ'האָט מאירן אוועקגעשיקט אין אדערבערג, ער זאָל היטן די באַן־סטאַציע. מאיר האָט געהיטן זיין נייעם מסחר, פון וואָס ער איז נתעשר געוואָרן, געפירט אַהיים יעדע וואָך קיין ראָזוואַדאָוו סאַכאַרין און פון דעם היים געבראַכט פוטער, וורשט פאַר זיין אָפיציר, וואָס אין ראָזוואַדאָוו איז עס געווען בנמצא, אָבער אין אָרדענבערג איז נישט געווען קיין שטיקל ברויט.

מאיר האָט זיך געקויפט אַ שיין הייזל און געוואָרן אַ גרויסער מעל־סוחר.

ביי חייה האָראָוויץ, מאיר'ס שוועסטער, איז דער מצב געוואָרן שלעכט. האָט זי באַשלאָסן, אַז זי וועט פאָרן קיין ראָזוואַדאָוו. צום ערשט גאט, דערנאָך דער ברודער, ער זאָל איר העלפן אין איר נויט. אַ ברודער, אַן עושר, וואָס דורך איר איז ער נתעשר געוואָרן.

מאיר, ווי זיין טבע איז געווען, האָט געדרייט מיט דעם פינגער אין נאָז, און זיך פון חיה'ן אַוועקגעדרייט, געהערט איר נויט און געשוויגן.

חיה האָט זיך דעמאָלט גוט אויסגעוויינט, געגאַנגען אין אוהל פון ר' משה'לע, געלאָזט שרייבן אַ קוויטל, אַריינגעוואָרפן אינעם אוהל (געבויט ווי אַ כאטע — אינדערמיטן דער קאַרב (עפענונג) וווּ מען האָט אַריינגעוואָרפן קוויטלעך) און געוויינט, דער רבי זאָל זיין אַ מליץ יושר; הגם מיט אים, מיט ר' משה'לען האָט זי ווי אַלע וואַכהאַלדערס געהאַט אַ שטילן חשבון — צוליבן שעלטן איר זיידן משולם, דעם אבינו וואַכהאַלדערס אין גאַליציע. שפּעטער איז זי אַוועק אויפן שותפות־קבר פון איר פאָטער אביגדור מיט דעם זיידן משולם וואָס זי האָט ביידע ליב געהאַט (קיין געפיל פאַר איר מוטער שפרינצע האָט זי כמעט נישט געהאַט), זיך פריש אויסגעוויינט און אַהיימגעקומען מיטן גלויבן און האָפנונג, אַז גאָט וועט זי נישט פאַרלאָזן אַזוי ווי אין גאַנצן לעבן. זי האָט געוווּסט, אַז ס'לעבן איז זיך נוקם.

חיה האָט געוווּסט און געהערט פון פאָטער אביגדור פון הלל הזקן, אַז ר'האָט געזען אַ שווימענדיקן קאָפּ אויפן טייך . . .

*

געווען איז עס אין פּורים, מען האָט זיך משמח געווען, געוואָרן בגלופין אונטערן ביטערן טראָפּן, איז אַריינגעקומען אַ דאָרפס־ייִד צום רבין דערלאַנגט אַ קוויטל, מיט אַ פּדיון; זאָגט דער רבי ר' משה'לע: „גיב עס דעם פּורים רב, היינט בין איך אַ פּשוטער מענטש". זאָגט צו אים דער פּורים־רב „גוט, איך וועל נעמען דעם פּדיון און דער רבי ס'קוויטל". „ניין, האָט ר' משה'לע געענטפערט — דעם פּורים־רב קומט ס'קוויטל מיט דעם פּדיון". „וואָס איז דיין בקשה — האָט דער פּורים־רב אַ פרעג געטאָן דעם דאָרפס־ייִד.

— אַ בן זכר.

— נו און ביים רבין ביסטו געווען?

— געווען, ער איז מיר אָבער מדחה.

דער פּורים־רב וואָס איז געווען אונטערן טראָפּן און גערעדט צום רבין דורך „דו", פרעגט אים: פאַרוואָס ביסטו אַ יידן מדחה, דאַרפסט זיין אַ פּועל ישועות.

— נישט תמיד קען מען זיין, האָט זיך דער רבי פּאַרטיי־דיקט, אַ פּועל ישועות.

דער פּורים־רב גיט אַ זאָג צום דאָרפס־ייִד: איך בין דיר מבטיח אַ בן־זכר.

נאָך דער סעודה האָט זיך ר' משה'לע, דער ראַזוואַדעוווער געהייסן פירן אין בעט, געוואָרן אַ שוכב מטה; צוויי טעג נאָך שבועות איז ער נפטר געוואָרן און ביים דאָרפס־ייִד איז געבוירן געוואָרן אַ בן זכר, לויט דער הבטחה פון פּורים־רב און מ'האָט אים אַ נאָמען געגעבן נאָכן ר' משה'לען.

נו, מילא אַ רבי מיט איר זיידן משולם — דאָס זיינען הע־כערע ענינים, אָבער די עוולה פון איר ברודער לגבי איר האָט זי נישט געקאָנט פאַרגעסן.

וואָכהאָלדערס פאַרגעסן נישט קיין עוולות און חשבונות. זי האָט זיך געזאָגט: ס'וועט קומען די צייט, ווי ס'זאָגט דער פּאַליאַק אַ פאָלקס־ווערטל „די קאָץ וועט קומען אין זאַק אַריין". חיה האָט זיך געווערט מיט אַלע כוחות קעגן האָבן מאירן פאַר אַ מחותן און ריקלען זיין ווייב די צדקת, פאַר אַ מחותנתטע. און מאיר וואָכהאָלדערן איז אויך נישט צום האַרצן דער שידוך, נאָר אַז מען קען נישט איבערבער מוז מען אַרונטער. בלית ברירה האָט ער געמאַכט אַ שווייג מיט זיין מציאה שיינצ'ע וואָס איז נישט ריטשע, געקוקט צווישן די פינגער, אָבי פּטור ווערן פון דער טאָכטער און קענען פירן זי אונטער די חופּה.

חיה איז צו די תנאים נישט געפאָרן און געזאָגט, אַז אויך צו דער חתונה וועט זי נישט קומען און נישט פאַרטרעטן די שוועל פון מאירן. זי האָט אַזאַ נדר געטאָן דאַמאָלס, ווען ער האָט איר נישט געוואָלט העלפן. נאָר פּלוצים „שינוי דעתו", צוויי טעג פאַר דער חתונה האָט זי געזאָגט אַז זי פאָרט יאָ אויף דער חתונה, און קיינער האָט נישט געוווּסט אירע שטילע מחשבות, פאַרבאָרגענע כוונות. געמיינט, אַ מאַמע, אַ קינדס אַ חתונה, אָבער זי האָט באַשלאָסן צו פאָרן כדי צו מאַכן אַ „חתונה". די חופּה האָט מען געשטעלט פרייטיק נאָכמיטאָג, געמאַכט אַ סעודה פרייטיק אָוונט, און שבת מי־טאָג־צייט פאַר געסט וואָס זיינען געקומען צו דער חתונה. מ'האָט געדאַוונט אין שטוב. דער ברודער עובדיה, דער פרומסטער און גרעסטער אביון פון די בני וואָכהאָלדערס, האָט געקלאַפּט אין די ווענט בשעת התפילה, ממש ס'הויז איינלייגן, געמאַכט קידוש, שפּעטער מיטאָג־צייט דערלאַנגט שבתדיקע שפּייזן. מ'האָט שוין געהאַט כמעט אָפּגעגעסן אָבער נאָך געזעסן ביים טיש, איז חיה אַריין אין קיך, גע־ווּסט אַז אין קרעדענס ליגן געקאָכטע הינדלעך און געוואָלט נעמען נאָך הינדלעך פון קיך־שענקל בכדי צו דערלאַנגען, פּשוט בכדי גורם צו זיין אַ מחלוקת.

מאיר איז אַריינגעקומען אין קיך און האָט נישט געוווּסט זיין שוועסטערס און מחותנתטעס כוונות, נאָר האָט איר באַמערקט „מען האָט דאָך שוין געגעסן, אָוונט וועלן קומען שרייבן די כתובה די דיינים".

חיה האָט געוואָרט אויף די רייד מאירס „וואָס — איז זי אַרויס מיט לשון — דו פויערן־יונג. דיינים ווילסט מכבד זיין, אַ שיינער ייִד ווילסט זיין?" און געזאָגט דאָס האָט חיה נישט חלילה בלחש, נאָר אויפן קול, ס'פּנים אירס צעפלאַמט, מען איז זיך צונויפגעלאָפן אויף די געשרייען. מאיר איז געשטאַנען מיט זיין לענגלעך פּנים און שיינע אויגן וואָס האָבן זייער גלאַנץ נישט פאַרלוירן, פאַרלעגן געשמייכלט, גלייך ס'וואָלט אין אים אַריין אַ רוח שטות. נאָר אין אמתן איז ער געווען פאַרביטערט, וואָס אַ שמחה פון אַ קינד ווערט צעשטערט, אַזאַ חרפּה! שטאָט זאָל זיך וואַשן אין זיין בלוט. חיה האָט אירס דערגרייכט.

איר קול האָט זיך געלאָזט ווייטער הערן: אַזאַ פויער־יונג, דיינים, שיינע יידן, אַ שיינער ייִד, וויל ער זיין, אַ שיינער בעל הבית קוקט אים נאָר אָן! אַ בושת פּנים — אַזאַ לבן הרמאי.

חיים האַראַוויץ, חיה'ס מאַן, איז צוגעגאַנגען צו איר און געזאָגט: „אויב דו וועסט זיך נישט באַרויקן, גיי איך שוין אַוועק צופוס אַהיים, שוין איצט שבת נאָכמיטאָג". חיה איז אַוועק צו מלך זילבער עפּעס איבערבייסן און צומאַרגנס אַריינגעפאָרן אין זבידניעוו צו דער מומע לאָה וואָכהאָלדער, אַפילו מיט דעם זון זיך נישט געהאַט בדעה צו געזעגענען. אָוונטס איז זי אַפילו אַריינגעקומען זיך משמח זיין, געוואָלט טאַנצן מיט דער כלה, נאָר די כלה האָט נישט געוואָלט, איר אָפּגעזאָגט אַ חלק פאַר מבייש זיין איר פאָטער און צעש־טערן אַ שמחה.

קיינער האָט נישט געוווּסט די אמתע סיבה פון אירע בייזע כוונות — און ניחא איז עס נישט געווען. חיה האָט נקמה גענומען, געמאַכט אַ חתונה, וואָס מאיר וועט נישט פאַרגעסן אַפילו ווען מען וועט אים שערבלעך לייגן אויף די אויגן. מאיר וואָכהאָלדער האָט זיך געהאַט זיין דרך אין לעבן, דער נוסח איז געווען מסחר. דעריבער האָט ער נישט געקענט איינשטיין אין איינזיצן אויף אַן אָרט אין שטוב. חוץ ווען מ'האָט אויסגעלאָזט גריוון, וואָס ער האָט שטאַרק ליב געהאַט און ער האָט פאַרזוכט פון טעפּל, צו זיי זיינען נישט איבער־געבערענט... זיין דרך אין לעבן: נישט מישן זיך אין רבישע מחלוקות, וואָס זיינען אָנגעגאַנגען אין ראַזוואַדאָוו צווישן צוויי ברידער, צוויי אייניקלעך פון ראַזוואַדעוווער ר' משה'־לע, אוראייניקלעך און אייניקלעך פון רבין ר' אפרים. אייניקלעך, געמיינט רבישע אייניקלעך, דאַרף מען מהנה

זיין — האָט ער געגעבן ראש־חודש־געלט און אַזוי אַ פּדיון. פאַרבעטן אויף שבת חתונה צו קידוש ביידע ברידער, וואָס זיינען זיך געווען מעסערשטעך.

איינער איז געווען עלטער, האָט ער געטהנעט, אַז אים קומט דער כסא הרבנות אין ראַזוואַדאָוו פון זיין פאָטער. דער יינגערער האָט געטהנעט, אַז ס׳כסא הרבנות קומט אים, ווייל ער קען בעסער לערנען. האָבן די חסידים פון יינגערן גערעשט.

די חסידים פון עלטערן האָבן דערלאַנגט אַ פּאַפּירל, ווי מדאַרף, אַז דער יינגערער איז נישט אַזוי מיט זיינע מחשבות. אַמאָל אין דער יוגנט איז ער נישט געווען ביים זינען. איז געקומען אַ קאָמיסיע הערן אים שבת. מלחמת מצוה.

ביידע רבנים האָבן אָנגענומען די איינלאַדונג.

איינער איז געקומען פריער, געזעסן אויבן אָן ביים פענס־טער וואָס קוקט אין גערטל אַריין, געווונשן „מזל טוב" מחו־תנים, חסידים און געטרונקען לחיים. איז אָנגעקומען דער צווייטער ברודער און צעשטערט די שמחה. דערזעענדיק דעם ברודער אויבן אָן מיט זיינע חסידים, האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט אויף דער שוועל פון דער גלעזערנער טיר וואָס האָט געפירט פון קיך אין שטוב אַריין, געשטאַנען גע־וואַרט אויף דער שוועל ביז דער ברודער מיט זיינע חסידים וועט אַרויס, ער זאָל חלילה מיט דעם ברודער נישט זיין אונטער איין דאַך.

אויך זייער פעטער האָט געפירט אַזאַ מלחמה מיט זייער זיידע ר׳ הערשעלע, קיינמאָל נישט געקומען אויפן יאָרצייט פון ר׳ משה׳לע, כדי זיך נישט טרעפן מיט דעם ברודער.

מחלוקת פון ר׳ משה׳לען מיט זיין שוואָגער, מעשה אבות ירשו בנים...

הונדערטער מענטשן זיינען געקומען אין יאָרצייט־טאָג און פאַרגאָסן טייכן טרערן און געשריבן קוויטלעך, הגם דער ברודער איז אויך געווען אַ גרויסער רבי. הייסט עס צוויי רבישע קינדער זאָלן זיך זיין בלוט־שונאים, וואָס זאָל נאָך זאָגן דאָס פּשוטע פאָלק וואָס קוקט זיך צו צו זייער התנהגות? איז חיים דער מחותן געווען פאַרטיפט אין מח־שבות, נעבן אים איז געשטאַנען העשעק, זיין זון. חיים האָט נישט געזאָגט גאָרנישט, ווייל ר׳האָט געוואָלט אַז זיין זון העשעק זאָל זיין אַ רב בישראל.

געדענק איר, האָט זיך חיים אַרויסגעריסן, נישט געקענט מער שווייגן, אַ חילול השם.

„ניין, נישט גוט, — האָט ער שפּעטער זיך אַדורכגעשמו־עסט מיט זיין שוועסטער מאַלע פון רודניק. וועלכע חיים האָט זייער ליב געהאַט, — נישט גוט, מאַלע, בשום אופן נישט גוט, ס׳זאָל הערשן אַזאַ שנאה אַחים צווישן צוויי לייבלעכע ברידער, דם שונאים, אייניקלעך פון ר׳ משה׳לע הורוביץ... אייניקלעך.

די דאָזיקע חתונה ביי מאיר וואַכהאָלדער איז געווען די לעצטע חתונה אין ראַזוואַדאָוו.

עטלעכע וואָכן שפּעטער זיינען אַריין די דייטשן, געב־ראַכט מיט זיך אבילות און חורבן.

דער מחבר האָט אין יאָר 1949 אַרויסגעגעבן אין געטינ־גען [מערב־דייטשלאַנד] אַ ראָמאַן (ערשטן טייל) אין דייטש אונטערן נאָמען: Die Wacholders. Eine jüdische Familiengeschichte.

# ראַדאָמישל — מיין געבורט־שטעטל

## אליעזר צווייג

ביי די ברעגעס פון טייך סאַן, בערך צוועלף ק״מ פון ראַז־וואַדאָוו, געפינט זיך דאָס שטעטעלע ראַדאָמישלע מיט אַ 100 יידישע פאַמיליעס, אָרעמע, רייכע און מיטלשטאַנד, ד.ה. בעלי־מלאָכות. אין ראַדאָמישלע גופא איז קיין באַן־סטאַציע ניט געווען, נאָר אַ פּאָר ק״מ אויסער דעם שטעטל האָבן מיר געהאַט 2 סטאַציעס, זבידניוו און קעמפּאַ (Zbydniów, Kempa). האָט מען געוואָלט פאָרן אויף גאַליציע ד.ה. קיין לעמבערג אָדער קראָקע, האָט מען זיך געמוזט אַריבער־שיפן איבער דעם טייך סאַן און דאָרט ערשט פאָרן מיט אַ בעל־עגלה צו דער סטאַציע זבידניוו. האָט מען געוואָלט פאָרן אויף קאָנגרעס־פּוילן ד.ה. קיין לובלין, וואַרשע איז מען געפאָרן צו דער צווייטער סטאַציע קעמפּאַ.

ראַדאָמישלע האָט אויך געהאַט אַ רב, אַ שוחט און שמשים, ווי אויך אָן אייגן קהל (שטאָט־פאַרזאַרגערס) גלייך מיט אַלע שטעט אין פּוילן. אינגאַנצן איז דאָ געווען איין בית־מדרש. דאָרטן פלעגן זיך טרעפן אַלע שיכטן פון שטעטל, יעדער האָט זיך געזעצט לויט זיין מאַטעריעלער לאַגע. די גבירים אין מזרח־וואַנט, די אַביסל אָרימערע אויף דרום־

זייט, די בעל־מלאָכות אויף מערב זייט און די גאַנץ אָרעמע אויף צפון־זייט. עס זיינען געווען תלמידי־חכמים, משכילים און סתם יידן. אין דעם בית־המדרש זיינען פאָרגעקומען וויכוחים וועגן אַ בלאַט גמרא; ווער עס פּסקנט לויט דעם חושן משפט, ווער לויט דעם יורה־דעה; ווער עס פלעגט דערציילן פּאָליטיק און ווער עס פלעגט אויסגיסן זיין ביטער האַרץ, וואָס ער האָט קיין פּרנסה נישט און געזעסן אין בית־המדרש אויף צפון־זייט. דער גבאי אין בית־המדרש איז געווען אַ ייד אַ הדרת־פּנים, אַ בעל־הבית, אַן אָנגעזעענער און בכבודיקער ר' אליעזר צייזל ז"ל. אַ גאַנץ יאָר האָט ער געשאַפט, ווער ס'זאָל עולה־זיין צום ספר תורה אום שבת. אין דער וואָכן האָט ער קאַסירט פאַר די נדרים. פאַר די ימים־נוראים געמאַכט אַ באַלאַנס, וויפל דאָס בית־המדרש האָט באַקומען געלט און ווער עס איז שולדיק פאַר די נד־רים, מען מוז דאָך פאַרזאָרגן האָלץ אויף ווינטער. אין ראַ־דאָמישלע זיינען געווען 2 חדרים. איין חדר פאַר אַלף־בית־ייִנגלעך און דאָס צווייטע פאַר חומש־ייִנגלעך; די גמרא־ייִנגלעך האָבן געלערנט ביים רב.

מיר האָבן געהאַט נאָר אַ 7 קלאַסיקע פּאָלקס־שול מיט גרויסע אַנטיסעמיטישע לערער. די רייכע פון שטעטל האָבן זיך נישט געניויטיקט אין נאָך אַנדערע שולן, ווייל זיי זיי־נען געווען זייער רעליגיעז. און גיין אין אַ גימנאַזיע דאַרף מען חלילה מחלל־שבת־זיין רחמנא לצלן. אַ' די וועלט גייט פאָרויס, מען דאַרף זיין געבילדעט און קענען גוט רעכנען: איך פאַרהאַף, אַז מיין זון אָדער טאָכטער וועט דעם גוי נישט געבן מער אַ רעשט, און צו וואָס דאַרף מען די הויכע קלאַסן? אַזוי האָבן געטענהט די ראַדאָמישלער רייכע יידן.

איין מאָל אין דער וואָך איז געווען דער מאַרק־טאָג, וואָס די יידן פון צפון זייט האָבן געוואַרט אויף אים, כדי אַרויס־צושלעפּן זייער חיונה אויף דער גאַנצער וואָך. אין די 20־ער יאָרן עמיגרירן פון ראַדאָמישלע פיל משפּחות, ווער קיין אַמעריקע, ווער קיין פראַנקרייך, ענגלאַנד, בעלגיע, האָלאַנד, פיל משפּחות פאָרן אין די גרויסע שטעט פון פּוילן. ראַדאָ־מישלע ווערט שיטערער, די פּרנסה שוואַכער, און דער אַנ־טיסעמיטיזם שטאַרקער. מען העצט אָפיציעל „קויף נישט ביי קיין ייד".

אין ראַדאָמישלע זיינען געווען 3 פּאַרטייען, 2 ציוניס־טישע מזרחי און פּועלי־ציון רעכטע, גוט אָרגאַניזירטע, און אַגודת ישראל, נישט אָרגאַניזירט, ווו ס'האָט געהערשט דער כלי קודש. אין דער שפּיץ פון מזרחי איז געשטאַנען אַ ייד, אַ תלמיד־חכם, ווי אויך אַ משכיל. ער האָט געהייסן זאַלקי קאַנאריק ז"ל, געקענט גוט העברעאיש, אמת נישט מיט דער אויסשפּראַך פון ישראל (הברה ספרדית). געווען אי־בערגעגעבן צום ציוניזם בלב ונפש. פאַר די קאָנגרעס־וואַלן געזאָרגט, מען זאָל פאַרקויפן וואָס מער שקלים, זאַמלען אויף קרן קימת, קרן־היסוד, שיקן יוגנט אויף הכשרה. אַ טייל פון זיי האָבן עולה געווען און געפינען זיך איצט אין לאַנד.

אַממיינסטן זיינען ראַדאָמישלער יידן געווען טעטיק פאַר די סיים־וואַלן; יעדער לויט זיין פּאַרטיי־ליניע. די ציוניסטן האָבן געקעמפט פאַר ד"ר טאָהן ז"ל, די אַגודה פאַר דעם ריישער רב. מען האָט פאַרגעסן די פּריוואַטע געשעפטן און אויף וועלכער וואַנט מען זיצט אין בית־המדרש. נאָר געק־לערט תכלית. אין 1936 פאַרט אַרויס פון ראַדאָמישלע דער ציוניסטישער מנהיג ר' זאַלקי קאַנאריק. די ציוניסטישע פּאַרטייען האָבן דאָס באַלד דערפילט: נישט געווען ווער עס זאָל אים פאַרטרעטן. קיין יהושע בן־נון איז נישט געווען.

אין יענער צייט גרינדעט זיך אין שטעטל די פּוילישע אַנטיסעמיטישע פּאַרטיי „אָזאָן". דאַמאָלסט הויבן זיך אָן די צרות. טראָץ דעם אַלעם ווען עס איז אויסגעקומען יום־כיפּור אין אַ מאַרק־טאָג, איז דער מאַרק געווען ליידיק. די יידן האָבן געהאַלטן דעם האַנדל אין זייער האַנט. אַזוי האָט מען געלעבט ביז 1939, ווען עס איז געקומען די ווילדע חיה און חרוב געמאַכט דאָס יידישע ראַדאָמישלע. אין חורבן ראַדאָמישלע האָבן זיך די תושבים, די קריסטן, באַטייליקט. מען האָט פאַרניכטעט דאָס יידישע ראַדאָמישלע. עס איז געבליבן די שארית־הפליטה, וועמען עס איז געלונגען אי־בערצולעבן אין די וועלדער, אין רוסלאַנד אָדער ניצל געוואָרן פון די קאַלך־אויוונס. די ווינציקע איבערגעבליבענע ראַדאָמישלער יידן זיינען היינט צו טאָג צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט.

לויט דער ציילונג פון 1764/65 אין אַמאָליקן פּוילן זיינען אין ראַדאָמישל געווען 9 משפּחות מיט 36 נפשות, וואָס האָבן געוווינט אין 5 יידישע הייזער: פון די יידן זיינען 2 געווען אַרענדאַרס [1]. אין 1880 איז דאָ געווען 1,339 איינוווינער, דערונטער 413 יידן און 1900 — 1,453, דערונטער 393 יידן.

די געגנט פון ראַדאָמישל געהערט צו ירחמיאל קאַ־נאַרעק [2].

שוין אין יאָר 1884 איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין ניו־יאָרק די „ערשטע חברה בני דוד אנשי ראַדאָמישלע"; אין יאָר 1938 האָט זי געציילט 85 מיטגלידער, דערפון 25 אַמערי־קאַנער יידן (נישט קיין ראַדאָמישלער).

חוץ דעם איז 1902 אָרגאַניזירט געוואָרן דער „ראַדאָמיש־לער יאַנג מענס סאָסייטי" מיט 12 מיטגלידער און 1938 איז

1 לויט מאהלער דאָס ציטירטע ווערק, טאַב. 12, 31, 65, 68.
2 לויט דער „יעווריעיסקאַיאַ ענציקלאָפּעדיאַ".

זייער צאָל געשטיגן ביז 1,000, דערפון 40% געבוירענע אין אַמעריקע, נישט קיין לאַנדסלייט. אין 1938 יאָר האָט די חברה איבערגעשיקט אין דער היים־שטאָט 2,000 דאָלער אויף קאָנסטרוקטיווער הילף און 150 דאָלער מעות חיטין.

לויט „די יידישע לאַנדסמאַנשאַפטן פון ניו־יאָרק 1938", אַרויסגעגעבן פון י. ל. פרץ — שרייבער פאַריין (ז. 341).

אין „דער גאַליציאַנער" 1939 האָט ד"ר ש. מארגאשעס אָפגעדרוקט אַן אַרטיקל א. נ. „מיין ראַדאָמישל".

# קהילת כפר פישניצה ע"י נהר סאן

י. ג.

אבות הקדמונים לבית פלוס היו המייסדים של קהלת פיש־ניצה. האחרון לבית פלוס היה צבי הרש פלוס. בתקופתו התפתחה קהלת פישניצה לשביעת רצון כל תושביה. את ההישג הכי גדול שלו ראה צבי הרש בשני ספרי תורה שהשיג עבור הקהלה.

מקור פרנסתם של יהודי תושבי פישניצה היה מסחר החי־לופין עם יהודי ראָזוואַדוב, תוצרת החקלאות בעד הסחורות שאין להשיג בכפר.

לא כל בני פישניצה נשארו בכפר לצמיתות. הרוב היגר לאירופה המרכזית ולאמריקה הצפונית וחלק קטן גם ע"י נישואין לרוזוואדוב און עיירות סמוכות אחרות.

מאלה שנשארו בפישניצה ניצלו רק בודדים.

החורבן השיג את יהודי פישניצה בין כסא לעשור תש"ג.

יהי זכרם ברוך!

# יאסקעוויץ

י. ג.



יהודה פרלמן מיאסקוביץ,
אַנפירער פון פאַרטיזאַנען

אַ גרויס דאָרף אויף יענער זייט פון טייך סאַן, בערך 10 קי־לאָמעטער פון ראַזוואַדאָוו. זייט 6 דורות האָט געלעבט דאָ די משפחה פערלמאַן. אין יאָר 1815 האָט יאַסטקאָוויצע גע־ציילט אַ מנין יידן.

עס פאַרשטייט זיך, אַז די צאָל יידן האָט זיך דאָ נישט מיט קיין אַ סך פאַרגרעסערט, ווייל ייִנגוואַרג האָט נישט געוואָלט זיך באַזעצן צו בלייבן אין דאָרף. אַ טייל איז אַרי־בער אין די אַרומיקע שטעט. די מיינסטע אָבער האָבן אויס־געוואַנדערט קיין צענטראַל־אייראָפּע אָדער קיין צפון אַמע־ריקע.

ביים קריגס־אויסברוך האָבן געוווינט אין יאַסטקאָוויצע 12 משפחות.

דער חורבן איז פאָרגעקומען ראש־השנה תש"י. עס זיינען פאַרברענט געוואָרן 2 ספרי תורה. בלויז יחידים זיינען ניצול געוואָרן.

יהי זכרם ברוך.

# הכנסת אורחים

דבורה שרעטער

איך וויל דאָ ווידמען אַביסל געדאַנקען, די הכנסת־אורחים און „אבפּארטיק־געלט", וואָס איז געווען ווייט און ברייט באַקאַנט, און האָט פאַרשאַפן די יידישע איינוווינער גרויס כבוד.

די פראַגע פון איבערנעכטיקן פאַר די אָרימע לייט איז געוואָרן זייער דרינגענד. מיינסטנטייל האָבן זיי זיך פאַר־האַלטן אין אונדזער שטעטל, ווייל עס זיינען געווען אייני־קע טוער (מאיר כץ), וואָס האָבן גענומען אויף זיך די היי־ליקע פליכט צוגרייטן נאָכן אַרבעטסטאָג געלעגערס צום שלאָפן פאַר אורחים. אַ דאַנק דעם האָבן זיך געמערט ביי אונדז די אורחים מיט יעדן טאָג. די גרעסטע זאָרגן פלעגן פאַרשאַפן אַזעלכע וועלכע זיינען קראַנק געוואָרן.

פאַרשטייט זיך, אַז אויף דעם געביט זיינען פאָרגעקומען וויכוחים אָן אַ סוף, ביז איינמאָל האָט מען באַשלאָסן, אַז מען מוז בויען אַ הכנסת־אורחים. אַלעס איז געשאַפן געוואָרן דורך פרייוויליקער אומדערמידלעכער און איבערגעגעבענער אַרבעט, נאָכדעם ווי יעדער האָט זיך באַשטייערט לויט זיינע מעגלעכקייטן.

מיט שווערער מי האָט מען אַרויסבאַקומען אַ פּלאַץ פון בירגערמייסטער לעבן באָד. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און עס איז אויסגעבויט געוואָרן אַ הויז — אַ האָטעל ממש, ס'איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ פאָנד אין באַנק.

קורץ נאָכדעם האָט מען באַשלאָסן אויך וועגן „אַפּפאַר־טיק־געלט", ווייל ס'זיינען געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן דורכגעמאַכט די שטאָט צוויי און דריי מאָל.

די פּראָצעדור איז געווען אַזעלכע, אַז גלייך ווי ס'זיינען אָנגעקומען אורחים, האָבן זיי זיך געווענדט צו מיין טאַטן ז"ל און באַקומען צוויי צעטלען: איינס אויף צו באַקומען שטיצע און דאָס צווייטע צום שלאָפן.

אָנקומענדיק אין הויז האָט זיי אויפגענומען דער „סטראָ־זש" מיט זיין פרוי, וועלכע זיינען געווען ריינע און פּינקט־לעכע מענטשן. אַלעמען האָט מען קודם־כל געפירט אין באָד. זיי האָבן נאָכן ריינמאַכן זיך געקראָגן אַ פּידזשאַמע צום שלאָפן. זייערע זאַכן, קליידער און דאָקומענטן האָט מען פאַרהאַלטן ביז זיי זיינען אַרויס צו זייערע וויטערע וואַנ־דערונגען.

איך, וואָס האָב נעענטער צוגעזען ווי אַזוי אַלעס איז גע־שאַפן און אויסגעפירט געוואָרן, פאַרשטיי ערשט היינט ריכטיק אָפּצושאַצן דעם אויסערגעוויינלעכן אויפטו און דריק אויס מיין גרעסטן כבוד פאַר אַלע, וואָס האָבן געגעבן זייער האַרץ און מי דאָס אַדורכצופירן.

זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן מיט יראת הכבוד די נעמען פון איניציאַטאָר און יושב ראש:

*ישעיהו ברוך* ווײנמאַן און פון די מיטהעלפער: חיים וואָלף בירנבוים, הערשל בירנבוים, ישראל נאָטע אַנהיזיגער וועל־כע זיינען נישטאָ מער מיט אונדז צוזאַמען.

*יהיה זכרם שמור לתהילה!*



ישעיהו ברוך ווײנמאַן —
מייסד "הכנסת אורחים"

# איינס פון אַ סך ווינקלען

דבורה שרעטער

ווער געדענקט נישט אַ גרויס דורכגאַנג־הויז מיט עטלעכע שטובן (ווױנונגען). דאָס איז געווען אַ שותּפותדיק הויז פאַר אַלע איינוווינער. יעדער האָט געהאַט זיין ווינקל: פאַר האַלץ צו הייצן און פאַר אַנדערע זאַכן פאַר וועלכע ס׳איז ניט געווען קיין פּלאַץ אין שטוב.

דאָרט פלעגן זיצן אין זייער פרייער צייט די פאַרעלטערטע טעכטער, און וואַרטן אויף נסים: אפשר וועט קומען אַ שדכן און ברענגען אַ חתן.

שבת פלעגן זיך צונויפקומען די איינוווינער, ווען זיי זענען נישט געווען ברוגז צווישן זיך, און האָבן באַרעדט די טאָגטעגלעכע פּאַסירונגען ווי אויך „הויך־פּאָליטיק".

דאָרט האָבן זיך אויך אַ סך קינדער געשפּילט. אַמשענסטן איז דאָרט געלונגען די שפּיל אין „באַהעלטעניש". שפּילן האָט מען דאָרט געקאָנט, ווען עס איז נאָך געווען טאָג; אין אָוונט — ווען ס׳איז געוואָרן פינצטער, האָט מען אַ סך געזונגען פּוילישע, העברעאישע און אידישע לידער (מייסטנס פון י. ל. פּרץ). די הויפּט־זינגערין איז געווען די קליינע שלאָמציע, אַ יתומה, וואָס האָט זיך אויפגעצויגן ביי דער משפּחה שוואַרץ. זי איז געווען אַ שוועסטערן־טאָכטער פון מאַריעס שוואַרץ און מיין בת־דודה.

ווער האָט אַלץ געוווינט אין דעם ווינקל?

אין דער ערשטער שטוב רעכטס — די אַלטע שטאָבערין מיט איר טאָכטער, אַ מיידל אין די יאָרן. ווען די טיר איז געווען אָפן, האָט מען געקאָנט זען אַ זייער ריין חדר, מיט צוויי געדעקטע בעטן; אין איין זייט, לעבן דער טיר, אַ גרויסער קויש. ווייטער אין ווינקל — די קוך. אויף די ווענט ריין געוואַשענע, פאַרשיידענע קיך־כּלים.

זייער פּרנסה איז באַשטאַנען פון אַ טישל אין מאַרק, סיי ווינטער, סיי זומער.

די צווייטע משפּחה איז געווען דער אַלטער שמאָדער מיט צוויי טעכטער און צוויי זין: דאָברע, איטע, לייזער און יחזקאל. דער טאַטע מיט די זין זיינען געווען מענער־שניידער פון באַרוף. און די טעכטער האָבן צוגעהאָלפן נייען און געפירט די הויז־ווירטשאַפט.

עס איז מיר גוט פאַרבליבן אין זכרון דער שטאַרק גרויסער שניידער־טיש אין מיטן שטוב. די בעטגעוואַנט איז געווען אַרויפגעלייגט איינס אויף דאָס אַנדערע ביז צום באַלקן. אַזוי האָבן אין אַ האַרמאַנישער אַטמאָספערע געאַרבעט און געלעבט פיר מענטשן. אָפטמאָל האָט דער זון צוגעזונגען מיט אַ שטאַרקער שטימע.

די דריטע משפּחה איז געווען מאָטל און משה שטאַבער מיט פיר קינדער. די עלטערן האָבן פון פרי ביז שפּעט גענייט קאָנפעקציע. אין שטוב זיינען געשטאַנען פיר בעטן און צוויי ניי־מאַשינען; אינמיטן — אַ גרויסער צושניידער טיש. די גאַנצע וואָך האָט מען צוגעגרייט די קאָנפעקציע, און דינסטיק אין מאַרק־טאָג איז מען אַרויסגעגאַנגען פאַרקויפן וואָס מען האָט אויפגענייט. טראָץ דער שווערער אַרבעט האָט קיינמאָל נישט געסטייעט צום לעבן און אָפטמאָל איז אַ קינד נישט געגאַנגען אין שול, ווייל מען האָט נישט געקאָנט קויפן קיין פאַר שיך.

די פערטע און לעצטע משפּחה אין דעם דורכגאַנג־הויז איז געווען מענדעלע סופר. ער האָט געשריבן מיט דער האַנט מגילות און ספרים.

אַזעלכע מענטשן זיינען היינט גאָרנישט פאַראַן. פיין, איידל און באַוואוסטזיניק. ווי גרויס איז דער ווייטיק, אַז אַזעלכע גוטע אַרבעטזאַמע מענטשן האָבן אין זייער לעבן נישט געהאַט קיין ליכט און פרייהייט.

# יצחק אבן

בעזשע רייך

אין אַ קאַלטער פינסטערער ווינטער־נאַכט אין יאָר 1880 זיינען געזעסן אַרום האַלבער נאַכט דריי פּאַרשוינען אין ראַזוואַדאָווער בית־המדרש ביים וואַרעמען אויוון ביי דער מעריב־וואַנט פאַרטיפט אין אַ הויכן מיסטישן שמועס. אַלע בית המדרש בחורים און סתם לערנער, וואָס האָבן תמיד באַקלעבט די בית־המדרש טישן, זיינען שוין פון לאַנג אַהיים געגאַנגען. אַלע לאָמפּן זיינען שוין געווען לאַנג פאַרלאָשן. נאָר בלויז אַ חלב־לעכטל האָט געברענט אויף זייער טיש און געוואָרפן טונקעלע־אומהיימלעכע, משונהדיקע שטראַלן אויף די בית־המדרש מעשינע הענגער־לייכטערס, וואָס האָט מיט אַ מאַטן גלאַנץ באַלויכטן די דריי פּנימער, פון וועלכע מען האָט געקאָנט דערקענען, אַז זיי זיינען שטאַרק פאַרטיפט אין הויכע געוואַלדיקע ענינים. אַפילו די פחודימדיקע שאָטנס אויף די חושך׳דיקע ווענט האָבן אויף זיי נישט געמאַכט קיין רושם. איינער פון די געהיימניספולע געשפּענסטער איז געווען אַ הויכער דאַרער ייד מיט אַ הויכן לאַגישן שטערן, אַ קאַפּיע פון אַ משולח — אַרויסגענומען פון אנסקיס דיבוק. אַט דער פּאַרשוין איז געווען אַ הייסער פאַרברענטער סאַדאַגורער חסיד פון רבי ר׳ נפתלי. ער איז אַנטלאָפן פון דזיקאָוו פאַר די דאָרטיקע חסידים מיט זייער רבין ר׳ מאיר׳ל בראַש, טאַקע דעם רבין ר׳ משה׳לעס אַ ברודער. ביידע אייניקלעך פונ׳ם רבי נפתלי ראָפּטשיצער. זיי האָבן אים אַלע גערודפט עד לחרמה, פאַר פרעדיקן סאַדאַגורער חסידות.


בעריש (בעזשע) רייך

אין יענע יאָרן איז דאָס געווען אפּיקורסות — השם ישמרנו. סיי ביי די ראָפּטשיצער גזע און סיי — אָדער אַפילו נאָך מער ביי די צאַנזער חסידים איז דאָס געווען — אין יענע צייטן פּשוט שמד ר״ל.

די מחלוקות צווישן צאַנז און סאַדאַגורע זיינען פאַרשריבן מיט בלוטיקע אותיות אין דער חסידישער ליטעראַטור. און דוקא־להכעיס זיין ברודער דעם דזיקאָווער רבין, האָט דער ראַזוואַדאָווער צדיק, דער רבי ר׳ משה׳לה, דוקא מקרב געווען דעם רבי ר׳ נפתלי (פון סאַדאַגורע), וואָס האָט געמוזט אַנטלויפן פאַר זיין ברודערס רדיפות.

ער איז אַליין געווען אַ גרויסער חריף און בקיא אין ש״ס מיט אַן אייזערנעם מוח. די צוויי וואָס זיינען מיט אים געזעסן זיינען געווען צוויי ראַזוואַדאָווער חברים, בית־מדרש בחורים וואָס האָבן תמיד געלערנט זייערע שעורים צוזאַמען. איינער איז געווען אברהמ׳לה איציע־קצבס און דער צווייטער איז געווען יצחק אבן, אַ ברודער פון מיין גמרא־מלמד מיט תוספות־מלמד ר׳ הרשל׳ה אבן ז״ל. די צוויי בחורים האָבן זיך צוגעהערט צו ר׳ נפתליס שבחים וועגן דער גרויסקייט און צדקות פון סאַדעגורער רב׳ן. פון זיין מויל שיטן זיך רמזים, גמטריא׳ות מיט כלערליי ראיות, אַז נאָר דער סאַדעגורער איז אַ יחיד בדורנו.

זייערע אַלעמענס אויגן גלאַנצן מיט אַ יראת הרוממות פון בענקשאַפט צו קומען צו דער מדרגה: צו האָבן די זכיה צו זען דעם איש הקדוש, פנים אל פנים, און הערן מפיו הקדוש זיינע חידושי־תורה. איז ער דען גרעסער פון אונדזער רבין (געמיינט דעם רבין רב משהלע) — פרעגט אים יצחק אבן. איך קאָן זיך גאָר נישט פאָרשטעלן אַ נאָך גרעסערן צדיק פון אונדזער רבין, וועלכער איז ביי מיר איינגעבאַקן אין האַרץ־ממש, נפשי קשורה בנפשו.

— איי, איי, קינדער! ענטפערט ר׳ נפתלי, זייער שווער

צו פאַרשטייען אַזעלכע הויכע ענינים, אַזוי לאַנג ווי מען זעט נישט מיט די אייגענע אויגן. דער ראַזוואַדאָווער רבי אייערער איז זייער גרויס, אַ בעל מדרגה, אָבער אַנטקעגן דעם סאַדאַגורער איז ער כנר לגבי אבוקה, ווי אַ לעכטל קעגן אַ גרויסן פלאַם. ער איז טאַקע נישט קיין בעל־בכי ווי אייער רבי, ער וויינט נישט, ער שרייט נישט, פּאַטשט נישט מיט די הענט ביים דאַווענען. ער האָט נישט קיין תנועות, ווייל ער דאַוונט תמיד אין אַ חדר מיוחד, אָבער זיין קרעכץ און זיין זיפץ מאַכן ציטערן עולמות עליונים און צעררייסן גזרות קשות.

און ר' נפתלי איז נישט מיד געוואָרן צו דערציילן די נפלאות גדולות ביז דאָס חלבן לעכטל אויפן טיש האָט אָנגעפאַנגען צאַנקען און אויך דער אויוון אין בית־המדרש איז קאַלט געוואָרן, זיינען זיי זיך תמימותדיק פונאַנדערגעגאַנגען אין זייערע היימען. אין דער זעלבער נאַכט האָבן ביידע חברים באַשלאָסן צו פאַרלאָזן זייערע היימען מיט זייער אַלטן רבין און פאָרן קיין סאַדעגורע, און זען מיט די אייגענע אויגן די הימלישע דרכים פון צדיק הדור. דער חבר אברהמלע האָט באַלד נאָכדעם חתונה געהאַט און יצחק אבן אַליין האָט באַלד דעם זעלבן יאָר, אין חדש אלול תר"ס אין מיטן דער נאַכט בשתיקה פליטה געמאַכט פון ראַזוואַדאָוו, זוכן אַ נייעם רבין. די נסיעה איז נישט געווען קיין גרינגע. פון ראַזוואַדאָוו קיין סאַדאַגורע איז אַ ווייטער מהלך און פאַרבונדן מיט גרויסע הוצאות. דערויף האָט ער ליידער נישט געהאַט און מיט גרויס מי קוים זיך דערשלעפּט ביז באָריסלאַוו; זיך דאָרט געוואַלגערט אין דער סאַדאַגורער קלויז, די דאָרטיקע חסידים האָבן אים מקרב געווען; מיט זייער הילף איז אים געלונגען צו קומען צו ראָש־השנה צום רבין. דאָרט איז ער שוין פאַרבליבן. פאַרבלאָנדזשעט אין אַ נייער אומבאַקאַנטער סביבה, מיט נייע מנהגים, וואָס זיינען אים פרעמד געווען. בלויז די חסידישע אינטריגעס זיינען געווען די זעלבע. ער האָט שוין געהאַט חרטה אויף דעם עסק. אָבער אַלע בריקן מיט ראַזוואַדאָוו זיינען שוין געווען צעשטערט. נישט ווילנדיק איז ער געוואָרן אַ תושב צווישן די אַלטע תושבים וואָס קאָכן אַליין און עסן פון דעם תיקון־קעסל און דערציילן זיך מעשיות פון אַלטן רבין און שאַפן לעגענדעס וואָס די היינטיקע היסטאָריקער פאַרנעמען זיך מיט זיי, די וואָס גריבלען זיך אין דער געשיכטע פון חסידות. זיי וועלן נישט קענען אַוועקגיין פונם היסטאָרישן אמת, אַז נישט די מאָדערנע מענדעלזאָנישע השכלה און אויך נישט די טרוקענע מתנגדישע פירער האָבן דערהאַלטן דעם טראַדיציאָנעלן גייסט פון אַ נאַציאָנאַלן יידישקייט, נאָר דוקא דאָס חסידות.

מיר אַלע האָבן זיך געפּאָרעט אין די קלויזן, אין די בתי־מדרשים ביי דער גמרא, דאָרט איז געוואָרן דער מקור פון רעיון הציוני. אויך יצחק אבן, דער בית־המדרש חסידישער בחור, האָט שוין אין יענע יאָרן, דורכגייענדיק אַ שווערן וועג פון נע־ונד זיין דערפילט די שוואַכקייט פון סאָציאַלן יושר צוקוקנדיק זיך צום מלכותדיקן רייכן, פאַרשווענדערישן לעבן אין סאַדאַגורער הויף. אָבער זיין אמונה אין צדיקים איז נישט שוואַכער געוואָרן דערפון. מען האָט אים געקאַנט געפינען אין אַנדערע רבנישע הויפן אין גאַליציע. געוווינט האָט ער מיט זיין פרוי אין באָריסלאַוו. זיין פרוי פון ראַזוואַדאָוו איז געווען יהושע חזנ'ס טאָכטער ע"ה, אַ שוועסטער פון אליעזר שווארץ ע"ה (מען האָט אים גערופן אליעזר רעהאליס). שפּעטער איז יצחק אבן געקומען קיין לעמבערג.

אין יענע יאָרן האָט דער בעלזער רבי קאָנטראָלירט דאָס יידישקייט פון אַ גרויסן טייל פון גאַליציע ובפרט פון לעמבערג, וווּ די יידישע יוגנט איז געווען איינגעשלאָסן אין די ד' אמות של הלכה פון בית־המדרש. נישט נאָר האָבן זיי זיך נישט געטרויט צו לעזן אַ העברעאישע צייטונג ווי דעם „המגיד", „המליץ", „הצפירה" וואָס די משכילים האָבן אַרויסגעגעבן, נאָר אַפילו תנ"ך לערנען איז געווען פאַררעכנט פאַרן גרעסטן חטא. בעלז האָט אַרויסגעגעבן אַ לשון־קודשע צייטונג, וועלכע איז געמאַכט געוואָרן על טהרת הקודש אין לעמבערג פון דער פרומער חסידישער חברה „מחזיקי־הדת" מיט דער הסכמה פון בעלזער צדיק ר' יהושע'לה רוקח און אַנדערע רביים, דאַרונטער אויך דעם קראָקעווער רב ר' שמעון סופר ע"ה, אַ זון פון פרעשבורגער חתם־סופר זי"ע.

מיט אַ רעקאָמענדאַציע פונם באַיאַנער רבין איז יצחק אבן געוואָרן דער רעדאַקטאָר פונם וואָכענבלאַט „מחזיקי הדת", און זיך אויסגעצייכנט מיט זיין שאַרפער פעדער.

ס'איז אַ פאַקט, שרייבט יצחק אבן אין זיינע ביאָגראַפישע כתבים שפּעטער אין אַמעריקע אין יאָר 1922, אַז „מחזיקי־הדת" האָט אויפגעוועקט די חסידישע יוגנט אין גאַליציע פון זייער לעטאַרגישן שלאָף און זיי פאַרטריבן פון בית־המדרש און פון דער קלויז אין לאַגער פון די דאַמאָליקע משכילים און שפּעטער פון די ציונים.

כמעט אַלע גרויסע געלערנטע פון יענעם דור האָבן אָנגעפאַנגען מיט לעזן די חסידישע צייטונג, ווי אַ שטייגער הרב ד"ר מרדכי ערענפּרייז, הרב פּראָפ' פּרץ חייעס, ד"ר יהודה לייב לאַנדוי ע"ה און אַ סך אַנדערע שפּעטערע גדולים. און יצחק אבן דערציילט, אַז אַליין וואָלט ער אַבסאָלוט שפּעטער נישט געווען אימשטאַנד אַרויסצוגעבן זיינע חסידישע שריפטן, ווען נישט די „מחזיקי־הדת". דערפאַר איז נישט שווער צו פאַרשטיין זיין הייסע סימפּאַטיע פאַר די רבנישע שיטות.

ער האָט קודם כל געזען די גוטע אייגנשאַפט, וויאַזוי דער פּראָסטער המון איז באַהאַנדלט געוואָרן פונם רבין מיט איי־דלקייט און רעספּעקט. אַלע זייערע דאגות און זאָרגן האָבן זיי געבראַכט צום רבין. זיי האָבן געהאַט אמונה צו אים און טאַקע דורך־אַגב ביים רבין געלערנט גוטע מידות. דאָס האָט אויך גורם געווען אָפּצושטעלן דעם „עם־הארציזם", וואָס האָט געבושעוועט אין יענער תקופה. ער איז זיך אַ סך מאָל סותר און איז איינזייטיק, זוכנדיק כסדר זכויות אויף רבנים, ווען די מעשים זייערע — בין אדם לחברו זיינען געווען „חילול־השמדיקע". אַ פּנים ער האָט געהאַלטן פון באַקאַנטן מאַמר חז"ל „באר דשתית מניה מיא לא תשתו ביה קלא ?" וואָרף נישט קיין שמוץ אין דעם ברונען, פון וועלכן דו האָסט געטרונקען. ר'האָט זיך כסדר געראַנגלט — אפילו מיט דער הילף פון מליצה — צו בלייבן שטרענג טראַדיציאָנעל, זיך געהיטן חס־וחלילה נישט אַריינצופאַלן אין ספקות.

איך בין זיכער, אַז אַ סך פון אונדזערע ראַזוואַדאָווער גע־דענקען נאָך, ווען יצחק אבן האָט אין יאָר 1912 געשריבן אַ סעריע אַרטיקלען אין 50 שבתדיקע נומערן אין לעמבער־גער ציוניסטישן יידישן „טאָגבלאַט" אונטער דעם טיטל „דעם ראַזוואַדאָווער רבי'נס הויף", ווו ער האָט קלאָר פאַר אונדז געשילדערט דאָס לעבן אין די יאָרן 1850—1865 אין ראַזוואַדאָוו, בילדער פון דער ממשלה פון הרב ר' משה'לע האָראָוויץ ע"ה און זיינע שטאַרקע מחלוקתן אין שטעטל. די יד־חזקהדיקע תקיפים מיט מאַשקע הערשפעלד ע"ה, די ראַשי קהילה און אַנדערע יוצרי משרתים וואָס האָבן גע־פירט די גראַנדע אין שטעטל, די קאַפּעלע (אונטערהאַלטערס פון רבין) מיט יוסף מאיר האַפּערט ע"ה בראַש (אַ זיידע פון מלך האפערט נ"י) און ער האָט אַ יעדן כאַראַקטעריזירט. נישט פאַרגעסן די ראַזוואַדאָווער שרפות און אַנדערע געשע־ענישן וואָס מיר האָבן אַלס קינדער געהערט דערציילן. יצחק אבן איז אין די צוואַנציקער יאָרן געשטאָרבן אין ווין. יהי זכרו ברוך!

אבן יצחק נולד ברוזוואדוב ב־1862. כיהן כעורך הוצ־אות „מחזיקי הדת", „המגיד", „המליץ". השתתף בעיתון ההונגרי — היהודי של טיסמניץ. הוא היה בקיא גדול בשפה העברית והתמסר ב־1895, לייסוד בית הספר „עברית בעב־רית" בלבוב, שהיה הראשון בגאליציה. לפני מלחמת העולם הראשונה נסע לצפון אמריקה, עבד במערכות עיתונים שונים. במיוחד הצטיין בתיאור חיי החסידים והרבנים.

לפי „פנקס גאַליציע", בוענאָס איירעס 1945. עמ' 214.

# אני מאמין

אברהם אויסאיבעל

גאָט איז אַלטער פאַר מענטשהייט
דאָך איז אין שטאַרקייט אינגער
מאַכט די ערד אַרום דרייען
אָן צולייגען אַ פינגער
מען דאַרף ניט קענען זיין שפּראַך,
דאָך יעדער קען אים פאַרשטיין.
איז קיין מאָל בלויז אויף איין אָרט,
ווייל ער מוז איבעראַל זיין,
איז אין יעדן הויז ווינקעל
אָן צי עפּנען אַ טיר.
איך קאָן אים נישט אָנרירען,
כאָטש ער שטייט נעבען מיר,
מען קען אים קיין מאָל ניט זען,
מאַנכע קאָנען אים הערען.
ער דאַרף קיין האַנד ניט אויפהויבען
און קאָן אַלץ צעשטערען.

פון גרעסטע אינזשענירען
איז ער דער בעסטער „מאַרקער"
פון שטאַרקסטע כוחות אין דער וועלט
איז ער נאָך גרעסער אין שטאַרקער.
אויב ווערסט אים שטעלען פראַגעס,
ווערסט קיין ענטפער קריגען,
אַנדערע האָבען אויך טענות
פון חיות ביז די פליגען.
אַנטדעקונגען פון פאַרשערס —
ער האָט עס מעגליך געמאַכט,
וואָס צו אונדז נייע וואונדער
ער האָטס שוין לאַנג אויסגעטראַכט.
מיר גרובען אין געפינען,
ער האָט עס אַהין געלייגט,
וואונדער, וואָס מיר באַווייזען,
האָט ער שוין לאַנג איבערשטייגט.

אַריינגעבען אין מענטש
אַ מוח, אין געדאַנקען דרינען,
וואָלט ער דאָס אַרויסגעלאָזט,
ווער וואָלט אַלץ אויסגעפונען ?
ער האָט די וואַסער קוואַלען
געגעבען אונדז פאַר געטראַנק,
מינעראַלען ניי פאַר אונדז
וועגען זיי ווייס ער שוין לאַנג — — —
ווער — איך פרעג — האָט געמאַכט
די וועלט
אַזוי פּינקטליך באַוועגען ?
געגעבען די ערד די לופט,
פרוכטען תבואה אין רעגען ?
בעסער טאָן מעשים טובים
דענק אָפט וועגן די צייטן פון אַמאָל
ניט פיל געהאַט דאָך צופרידן געווען,
תמיד געהאָפט ווען וועל שוין ישראל
אַמאָל אַלס אַ פרייעס אידיש לאַנד זען.
איך בין דאַמאָלס יונג און לוסטיג געווען
געפילט ווי צו טאַנצן, זינגען לידער,
דאָך פיל עס ניט איצט — זעט וואָס איז
געשען, —
אויסגעמאָרדעט אַזוי פיל מיט־ברודער.
מאַסן מיט מענטשן טראַגיש געשטאָרבען
זעקס מיליאָן יידענס לעבען גענומען
דאָס איז געווען דער גרעסטער חורבן —
דריטל פון יידישן פאָלק אומגעקומען.
האָבן געמאַכט פּאַרקס פון יידענס קברים
פון די מצבות געבילדעט שאסייען,
געמאַכט איבער זיי באַנען צו פאָרען
טרעטן אַרום אויף זיי, שפּרינגען שפּייען.
וואָלט וועלן האָטש אַ ווייל באַקוועם,
זיכער אַמאָל וועט אויך מיין צייט קומען
אָבער אַצינד דערמאָנט מיך ניט פון דעם,
וויל זיין מיט גוטער אַרבעט פאַרנומען.

## אלה אזכרה

מעגסט דיך שעמען, שלעכטע וועלט,
דיינע אויגען העלט פאַרשטעלט, —
מעגסט קלאָגען, באַשעפעניש,
פון דיין פנים טרערען וויש,
וועסט קיינמאָל דעם חטא אויסמעקען,
ניט אָפּווישען די פלעקען,
אייביג אויף דיר וועט עס בלייבען,
אַזוי לאַנג דו וועסט נאָר לעבען — — —
אַמאָל שפּאַניע, איצט דייטשלאַנד
פאַרדינט האָט זיך פלעק און שאַנד
ניט געקערט פאַר מענטשן רעכט
געברענט יידן טעג און נעכט, —
זעקס מיליאָן יידן געטויט !
געמאַכט לאָמפּען פון זייער הויט,
קישענס פון זייערע האָר,
מענטשן־זייף אָפּצווואַשען די שפּאר
קליינע קינדער צעטראָטען,
ספרי תורות צעשניטען,
שאַנד ! עס קאָן נישט ערגער זיין,
קיין מאָל וועסט זיך וואַשען ריין !
אָנגענומען האָט זיך קיינער
הפקר דעם יידס אש און ביינער, —
וואָלט וועלט האָבן אַ געוויסן
וואָלט עס איר האַרץ צעריסען.

## קום שוין "שלום"

כ'וואָלט שוין וועלן זען צייט קומען
ווען וויינען מען וועט אויפהערען,
כ'זע נאָך אַלץ די אויגן שווימען
אין טייכען פון ליידען'ס טרערען.
לאַנג, זינט מען האָט אונדז פאַרטריבען,
געצווונגען אונדז צו זיין צעשיידט,
ווי יתומים מיר געבליבען,
הענד געבונדען — ווי אין אַ קייט — — —
צוויי טויזענט יאָר צייט געליטען,
געהאַט קיין טאָג, געהאַט קיין נאַכט,
צו פילען פריי אונדז פאַרביטען,
דער גלות האָט אונדז מיד געמאַכט.
דיך געמאַכט פּוסט, ליידיג און וויסט,
פאַרלאָזט, פאַרוואָרפן מיט שטיינער,
דיין פנים פאַרטריקענט, פאַרמיסט,
דיין פאַרדאַרט, בלויז ביינער.
האָט מען אונדז שוין צו דיר געלאָזט
באַלפור האָט תנאים געשריבן
קום געשמייכעלט צו אונדז דו האָסט האָט בעווין
שפּיצלעך געטריבען — — —
געמוזט ווערן ווידער קריגערס
כדי זיין פריי צו דיר צו קומען
מיר האָבן געקעמפט ווי טיגערס
ביז דיך פון זיי צוריק גענומען — — —
נאָך אַלץ זענען מיר ניט באַפרייט
פון שונאים און ניט־פאַרגינער — — —
אַלטע זאָרגען ווידער באַנייט
ביז שלום וועט זיין געווינער.



**הוועד למען הספר בארצות הברית**

עומדים מימין לשמאל: משה שכטר, שמעון רייך, דוד אנהיזיגר, יצחק גרייזמן, משה טומן, אליעזר פרלמן, ניסן זילבר, בז״י רייך, פייוול בירנבוים, משה זילבר, בעני בריש אויסאיבל, אפרים רייך, יצחק שכטר. יושבים מימין: גברת שרה שכטר, טוזמן, פרלמן רגינה, אויסאיבל, אנהיזיגר חייה, שכטר ברכה.

# חלומו של ר׳ איצ׳י מאיר׳ל

משה בן־מנחם

מקובל היה ר׳ איצ׳י־מאיר׳ל על ההדיוטות בעירנו כחוזה חזיונות וכצדיק נסתר. הנשים, ביחוד, האמינו באמונה שלמה שכל היוצא מפיו אמת וצדק; ואפילו את דברי־ההבאי שלו ראו כרזין דרזין. אמרו: לר׳ איצ׳י־מאיר׳ל מראים הכל בחלום, ומודיעים לו מן השמים מה שעתיד להתרחש בעולם. כשנה לפני מלחמת־העולם הראשונה ראה בחלומו שריפה גדולה, שכמוה עיין לא ראתה, ואיש אחד גבוה מאד, לבוש בגדי אשכנזים, עומד על גג בית הכנסת וצועק בקולי־קולות: „אש זו באה בעוון נשים היוצאות לשוק ולבן מגולה!״ ופשר החלום — מלחמה! מלחמה גדולה, שכמוה לא הייתה עוד, עתידה לפרוץ בעולם בקרוב! אימה חשכה נפלה על העיירה למשמע החלום ושברו. ולא רק „מאמיניו״ של ר׳ איצ׳י־מאיר׳ל חששו לדבר, אלא גם שאר הבריות, שלא הודו ב„גבואותיו״, נתנו דעתם עליהן והרהרו הרהורי־תשובה. אמרו: מי יודע אם אין, חלילה, ממש בדבריו. בני הנעורים מקלקלים מעשיהם, בחורי בית־המדרש — רובם נתפסו למינות ול„ציוניזמוס״, ר״ל, ואומרים שאין משיח לישראל, חלילה, וד״ר הרצל הוא משיחם... והנשים הצעירות מן הדור החדש, מסרבות לגלח את ראשן אחר החתונה ואינן נזהרות ביותר בשלוש המצוות... אילו חי כיום הרבי

# פייוול עדער הי״ד

בעזשע רייך

דער קולטורעלער אויפשטייג אין ראַזוואַדאָוו האָט זיך אָנגעהויבן, ווען עס איז אויסגעוואַקסן דער אינטערעס פאַר העברעאישער ליטעראַטור צווישן די יוגנטלעכע. דער ציוניזם האָט בעהערשט די יוגנט און זי בעגייסטערט — ס׳האָבן זיך דערהערט ש. פרוגס נאַציאָנאַלע לידער אויף די שפּאַציר־וועגן שבת נאָכן שלאָף. ביאַליקס שירים האָבן זיך געטראָגן אין דער לופט. אָט די באַגייסטערטע שטימונג האָט אויך דערגרייכט צום בית המדרש. די יונגע בחורים האָבן באַלד איבערגענומען די פירערשאַפט אין דער ציוניסטישער בעוועגונג, וואָס גאָר אַ סך פון זיי האָבן שפּעטער געהאָלפן אין בנין ארץ ישראל. די בית־המדרש יוגנט האָט געגעבן דער שטאָט אַ שם טוב, צווישן זיי איז פייוול עדער ע״ה געווען איינער פון די איידלסטע און האַרציקסטע. ער איז געווען איינער פון די פלייסיקסטע עברית־לייענער, ער האָט ביאַליקס שירים געקענט אויף אויסווייניק — פּונקט ווי גאַנץ תהילים. ער איז געווען דער אמתר שמח בחלקו פאַר זיך אַליין — אָבער פאַרן כלל ישראל איז ער געווען אַ גוואַלטיקער פאַרלאַנגער. ער האָט אַליין פאַרפאַסט שירים, וואָס זיינען געווען אויסגעקנעטן מיטן יידישן צער. ווי ער האָט זיך געגריבלט אין דער גמרא, אַזוי אויך מיט התלהבות געגריבלט זיך אין בערדיטשעווסקיס, יהודה לייב גאָרדאָנס ווערק. געפּירט וכוחים מיט זיינע פריינד יעקב מאיר שטארק ע״ה, יחיאל שפערגעל און אַנדערע בית־המדרש ידידים אין ענינים העומדים ברומו של עולם או ברומה של יהדות. מענטשן וואָס האָבן פייוולען נישט גוט געקענט האָבן אים געהאַלטן פאַר שותק — דאָס איז געווען די קליינשטעטל־דיקע איידעלע תמימותדיקייט. וואָס אַ סך בית־המדרש בחורים אין יענער צייט זיינען געווען געשלאָגן מיט דער מחלה. די השכלה האָט דאָס מיט דער צייט געהיילט. פייוול איז געבליבן ביי זיין פאָטערס אמונה, וואָס זייערע הויפּטשטריכן זיינען געווען תורה און דרך ארץ. פייוול עדערס שיעור, וואָס ער האָט געלערנט, איז געווען עבודת השם, אָבער אויך פינסקערס „עמאַנציפּאַציע״ איז געווען כולו תכלת. אהבת ישראל מיט ארץ ישראל איז ביי פייוול געגאַנגען צוזאַמען בלב ונפש. דער רעיון הציוני איז געווען ביי אים בלויז אַן אָנהויב — אַן אתחלתא דגאולה, ער האָט געגלויבט באמונה שלימה בביאת המשיח — ער האָט אַפילו נישט מורא געהאַט צו זאָגן, אַז מיר זענען אַן אתה בחרתנו־פאָלק און אויך נישט מורא געהאַט געסטעמפּלט צו ווערן אַלס אַ פאַנאַטיקער, דאָס האָט ער איינגעזאַפּט אין זיין יוגנט פון זיין פאָטער בנימין מלמד ע״ה, וואָס איך אַליין האָב ביי אים אייניקע זמנים געלערנט — דאָס איז געווען דער בעסטער מלמד. ער האָט וויניקער געשלאָגן פון אַנדערע מלמדים — און אפשר האָט ער דעם כח דערצו ניט געהאַט ? אָבער קיין כעסן איז ער זיכער נישט געווען. דאָרט האָב איך דאָס ערשטע מאָל געזען פייוולען שוין אַלס 13־יעריקן בחור, וואָס האָט שוין געלערנט אין בית המדרש. ער פלעגט אינדערהיים ליב האָבן שניצן אָדער מאָלן. אין דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער געווען אַ קריגס־געפאַנגענער אין רוסלאַנד, נאָך זיין צוריקקומען האָט ער געהייראַט קיין קאַנצ׳וגא (Kanczuga) נעבן דינוו. אומגעקומען איז ער פון דער רוצחישער דייטשער האַנט.

# אריה פלוס

שמעון

בן שלמה ובלומה, נולד בשנת 1903, בעיר רוזוואדוב. ריכז את הפעולות הציוניות בעירו. ערך נשפים וערבי קריאה וביים מחזות. כמו כן עזר לחברים בקשייהם החמריים. עלה לארץ בשנת 1935 והחל בעבודות שונות. כעבור שנה הצטרפו אליו אשתו ובנו. מצב העבודה בארץ היה קשה באותה תקופה אך לא איש כמוהו ירתע מקשיים. הוא לא מאס בעמל כפיים ונדד מיריחו ועד רפיח. אחת לשבועיים היה חוזר הביתה ורבה הייתה אז שמחתו. מעולם לא התלונן.

בשנותיו האחרונות עבד ב„הדסה" ונתחבב על חבריו לעבודה, ועל הממונים עליו. היה ידוע כבעל מזג טוב. מאז בואו לארץ היה חבר ב„הגנה" ואחרי עבודתו היה יוצא לש־מירה כמה פעמים בשבוע, באיזורים השונים. כשהוכרז על הקמת מדינת ישראל גדולה הייתה שמחתו, אך תמיד היה אומר: מי יודע איזו משפחה בוכה היום על מות בנה. אולם הוא עצמו לא נרתע והיה הולך למקומות המסוכנים ביותר. בהר הצופים עבד במשך היום בבית החולים, ובלילה בש־מירה. כשניסו להשפיע עליו שלא יסכן את נפשו ולא יעלה להר הצופים היה עונה: „אם לא למקום הזה אז למה לנו כל החיים?"



אריה פלוס
נפל בירושלים במלחמת השחרור

# בנציון צנגן

ד. ש.

צנגן בנציון נולד ב־1901 ברוזוואדוב. בן 17 התחיל ללמוד לקראת סמיכות לרבנות. אחר כך התמסר ללימודי חול וניגש לבחינות בגרות כתלמיד אקסטרני. מאז 1922 כתב מאמרים ורצנזיות והיה מתרגם יצירות מספרות העולם בשביל „לעמ־בערגער פאָלקסשטימע" „יידיש ליטעראַרישן קאַלענדאַר", „ליטעראַרישע בלעטער", „ארבעטער־וועלט", „פאָלק און לאַנד", „טאָגבלאַט", „מאָרגן". הוא גם התחיל בחיבור מילון עברי־פולני־יידיש, אך לא סיימו.

לפי פנקס גאליציע, 1945, עמ' 244 בהתחלת מלחמת העולם השניה הגיע ארצה. עבד ב„דבר". מת באופן פתאומי.



משפ' שמואל ליב גלאנץ

# משפחת ירחמיאל קאנארעק

י. גאָלדמאַן

ירחמיאל קאָנאַרעק האָט געהאַט 12 קינדער, דערפֿון 8 זין; פֿון זיינע 14 גיטער האָט ער יעדן קינד געגעבן איינס מיט אַ פּאַלאַץ (dwor) אָבער אַ טייל פֿון זיינע קינדער זענען געווען שלעכטע פֿערוואַלטערס פֿון זייערע גיטער.

ער (ירחמיאל ק.) דער ייד מיט דער לאַנגער ווייסער באָרד איז געווען דער פּרעזעס פֿון קרייזראַט (Wydział Powiatowy) אין טאַרנאָבזשאַג (Tarnobrzeg). איין זוהן משה׳לה געבוירן אין גיט סקאָוויעזין (Skowierzyn) האָט באַקומען דאָס גיט אין דזיערדזיאָווקאַ (Dzierdziowka) ווו דער פֿאָטער האָט אויפֿגעשטעלט אַ צעגיעלניע פֿון גאַר גרויסן מאַסשטאַב. אָבער דער זון האָט צו דעם נישט געטויגט און די פֿאַבריק האָט באַנקראָטירט, אָדער — ריכטיגער געזאָגט, משה׳לה האָט באַנקראָטירט בערך 3—4 יאָר פֿאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה אויף אַ סומע פֿון 300 טויזנט קראָנען (בערך 60 טויזנט דאָלער) משה׳לה איז אַנטלאָפֿן קיין טערקיי. דאָרט האָט ער זיך אויסגעלערנט די טערקישע שפּראַכע אין וואָרט און שריפֿט. אין דער צייט וואָס משה׳לה האָט געלערנט טערקיש האָט דער „טאַטונציו" (Tatunciu) אויסגעקויפֿט די וועקסלען און משה׳לה איז צוריקגעקומען.

משה׳לע ווערט אַ טוער אין דער פּוילישער פּויערן־פּאַרטיי און העלפֿט אָרגאַניזירן פּילסודסקין די פּוילישע לעגיאָנען (1914). אויף אים קוקנדיק האָבן אַ סך פּויערן פֿון זיין גיט צוגעשטאַנען צום פּוילישן מיליטער. פֿאַר זיין אָנטייל אין די קאַמפֿן האָט ער אין פֿרייען פּוילן באַקומען די אויסצייכענונג „ווירטוטי מיליטאַרי" און באַזעצט זיך אין וואַרשע ווו געווען ווייטער אַ טוער פֿון דער פּויערים פּאַרטיי „פּיאַסט" און אַ מקורב פֿון פּילסודסקין און אַ טוער פֿון דער סאַנאַציע. ביז זיין טויט געטראָגן אַ שפּיץ־בערדל, און אין דער קלאַפּע פֿון רעקל דעם אָפּצייכן „ווירטוטי מיליטאַרי". געשטאָרבן איז ער אין יאָר 1938.

דער פֿאָטער האָט נאָך בעת דער ערשטער מלחמה פֿאַרקויפֿט אַלע גיטער (פֿאַר האַלב־אומזיסט, 4 מיליאָן קראָנען). דאָס געלט איז מיט דער צייט דעוואַלואירט געוואָרן און דאָס גאַנצע זיין גרויס פֿאַרמעגן איז פֿאַרלוירן געגאַנגען.

אין Głos Gminy Żydowskiej, אָרגאַן אַרויסגעגעבן דורך דער וואַרשעווער קהילה, נר׳ 8 פֿון 1938 יאָר געפֿינען מיר אַ נעקראָלאָג, נאָכן פֿאַרשטאָרבענעם יעקב קאָנאַרעק, דעם זון פֿון ירחמיאל. געבוירן איז יעקב 26.1.1876 אין גוט אַנטאָניוּוו (Antoniów), טאַרנאָבזשעגער קרייז), וואָס האָט געהערט צו זיין פֿאָטער. דער פֿאָטער איז געווען אַ מתנגד, אַ קענער פֿון תלמוד. און דער יוגנט איז יעקב אַריינגעטרעטן אין דער פּוילישער פֿאָלקס (פּויערים) פּאַרטיי. אין די יאָרן 1901/2 איז ער געווען דער אַרויסגעבער און רעדאַקטאָר פֿון Głos Ziemi Sandomierskiej, דעם אָרגאַן פֿון דער פּאַרטיי. אין 1907 איז ער געווען דער גענעראַל־סעקרעטאַר פֿון דער פּויערים פּאַרטיי, פּיאַסט. ער איז באַשטראָפֿט געוואָרן דורכן עסטרייכישן געריכט פֿאַר באַליידיקן זיין מאַיעסטעט, דער קייזער פֿראַנץ יאָזעף, און דערפֿאַר געמוזט פֿאַרלאָזן עסטרייך און אַריבער קיין פֿראַנקרייך, ווו ער האָט מיטגעאַרבעט מיט דער פּוילישער פּאָליטישער עמיגראַציע.

נאָכן אויסברוך פֿון דער מלחמה טרעט ער אַריין דעם 6.8.1914 צוזאַמען מיט זיין זון הענריק און די לעגיאָנען פֿון פּילסודסקי אין דער ערשטער בריגאַדע. ער אַוואַנסירט אויף פּאָדפּאָרוטשניק און שפּעטער פּאָרוטשניק. נאָך דער מלחמה אַרבעט ער אַ שטיק צייט אין פּוילישן קריגס־מיניסטעריום און באַזעצט זיך אין וואַרשע. ער — הגם אַ אסימילאַנט — שעמט זיך נישט מיט זיין ייִדישקייט און פֿאַרן טויט האָט ער זיינע זין געבעטן נישט שמדן זיך. ער איז געשטאָרבן דעם 6.8.1938 און געקומען צו קבר ישראל אויפֿן וואַרשעווער ייִדישן בית עולם (אָקאָפּאָווע־גאַס). ער איז געווען דער ערשטער, וואָס איז געקומען צו קבורה אויף דעם ספּעציעלן אָפּטייל פֿון בית עולם, וואָס די ייִדישע קהילה־פֿאַרוואַלטונג האָט אין דער צייט באַשטימט פֿאַר די קעמפֿער פֿאַר פּוילנס־פֿרייהייט.

# חיה־קלארא סענדראוויץ׳־פריד

י. ג.

חייטשע סענדראַוויץ׳ איז געווען די דריטע (חוץ רחלה בוך און עטקע פייער) הויפּטראַליסטקע פונ׳ם אמאטאָרן־קלוב נעבן פעריין „בית־יהודה״. חייטשע האָט מיטגעשפּיעלט אין אַסך פּיעסן (מייסט אפּערעטקעס), אָבער אַמבעסטען האָט זי זיך אויסגעצייכענט אין דער זער שטאַרקער ראָלע פון אננא אין „פעריפעריע״ פון פריץ לאנג.

יהי זכרה ברוך!

# הערש סענדראוויץ׳

י. ג.



הירש סנדרוביץ, השוער של קבוצת
"טרומפלדור", כחייל בצבא הפולני

אַ גוטער ציקליסט, באַקומען אַן אויסצייכנונג, אַ בעכער, בעת אַ ציקליסטן פאַרמעסט אין טארנע.

הערש סענדראַוויטש איז געווען אַ לאנגיעריגער טויער־מאַן אין ספּאָרטקלוב „טרומפעלדאָר״. הערש־העשא האָט געהאַט אַסך פערדינסטן אין די זיעגן פונ׳ם ספּאָרטקלוב.

חבל על דאָבדין!

# חנוך קארן

א. אויסאיבל


חנוך קורן — השתקן

אַן איבערגעגעבענער מיטגליד און לאַנג־יעריקער קאַסיר־ער פון דער ראַזוואַדאָווער „חברה בני משה הורוביץ" אין ניו־יאָרק.

חנוך אַליין האָט אין אַרטיקל, געשריבן מיט יאָרן צוריק, זיך אַליין אָנגערופן מיטן נאָמען „דער שווייגער". אַזוי איז ער געווען אין לעבן. ווייניק גערעדט, אָבער פיל געטון.

אַ חוץ דעם, וואָס איבער צוואַנציק יאָר האָט ער אָנגעפירט מיטן סעקרעטאַריאַט און קאַסע פון „בני משה" האָט ער אויך אָנטייל גענומען אין אַלע אַנדערע אַרבעטן, קאָמיטעטן, פון דער חברה. תמיד געווען גרייט צו העלפן אַ נויטבאַ־דאַרפטיקן יידן, בפרט אַ ראַזוואַדאָווער.

# עוזר רוזן ז"ל

אריה גרינבוים

החדר הקטן על יד בית הכנסת הגדול שימש בימי חול מקום תפילה ל„מנינים" נוספים. בשבת לא התפללו בחדר הקטן, אולם הוא לא נשאר ריק. גם ביום זה התאספו בו בדרך כלל בזמן קריאת התורה, אנשים שרצו „לחטוף" שיחת חולין, לשמוע דברי פוליטיקה מפי יודעי דבר, או סתם לגלגל שיחה על חדשות מחיי העיר.

בזכרוני נחרת הויכוח שהתנהל בחדר זה בשבתות שלפני פרוץ המלחמה:

„התפרוץ מלחמה בין גרמניה ופולין או לא ? ראשי המת־ווכחים היו עוזר רוזן ז"ל וייבדל לחיים זיסל זילבר.

הראשון, בנו של הדיין ר' משה ליב ז"ל בעל המוח החריף, היה משתדל להוכיח בתקיפות כי אין מקום למלחמה. היטלר המטורף, היה טוען, מאיים על העולם על מנת לזכות בנצחונות קלים ללא מלחמה. ברגע שהגרמנים ירגישו כי קיימת נכונות להתנגד להם בכח, אז לא יעיזו לצאת להרפ־תקה מלחמתית.

לעומתו היה זיסל זילבר מנסה להסביר בקולו השקט ובסגנונו המתון, כי אין לסמוך על הגיון ביחס לחיה הנאצית המסוגלת לכל. גרמניה ההיטלרית, הצמאה לדם לא תהסס לפתוח במלחמה אף אם תדע שהדבר עלול לגרום למלחמת עולם שניה.

הצדק היה עם זיסל זילבר. המלחמה פרצה ואנשי עירנו גורשו מכאן ע"י הנאצים לתחום השלטון הסובייטי.

גם עוזר רוזן היה בין המגורשים. הוא הועבר עם משפחתו ב־1940 למחנה הסגר בסיביר ולאחר ששוחרר משם עם פרוץ המלחמה בין גרמניה לרוסיה, הוא עבר עם משפחתו לארץ אוסביקיסטן באסיה התיכונית.

סבל רב עבר עליו ועל משפחתו במקום זה. הרעב שפקד בזמן המלחמה מקומות אלו לא פסח על עוזר, אשתו ובתו הבכורה. הם לא יכלו לשאת את הסבל הזה ונפלו חללי רעב בארץ אסיתית רחוקה מבלי לזכות לראות במפלת גרמניה הנאצית.

# משפחת רייז

חנה רייז

זוכרת אני את סיום מלחמת העולם הראשונה ואני אז בת 12. חזרנו אחרי שהות של 3 שנים בצ׳כיה, בתור פליטים, לכפר מולדתנו טורביה. אבא שרת בצבא הפולני ואמא נש־ארה לבדה עם 4 ילדים קטנים כשעליה הדאגה לפרנסה.

בשנת 1918 קיבלה פולין את עצמאותה וגל של אנטיש־מיות שטפה. עודני זוכרת את הלילה האיום כשצעירים (פו־לנים) רבים, שיכורים ומפוכחים כאחד ניפצו את שמשות ביתנו בחצות הלילה. הפחד היה גדול וצעקות הילדים בקעו מכל צד. התינוק הקטן כוסה שברי זכוכית בעריסתו. אחרי שלא נשאר אף חלון שלם בכל הבית התעוררו רחמי השקצים הפולניים והם ביקשו מאמא שקים וכרים כדי לעזור לה לסתום את החלונות (הדבר קרה בחודש יאנואר, בעוד הקור בעיצומו). המצב בכפר החמיר מאוד ושלוש המשפחות הי־הודיות אשר התגוררו בו החליטו לעבור לעיר ולהיות בין יהודים רבים יותר. העיר הקרובה, רוזוואדוב, ארגנה כבר קבוצת הגנה עצמית למקרה של פרעות שאמנם לא איחרו לבוא. היהודים אף השיגו נשק. יוצאי צבא ואבי ביניהם אימנו צעירים יהודיים. ביום השוק, כשריכוז הפולנים היה רב, פרצו הפרעות. נשדדו חנויות ונשפכו חביות רבות של יין (הפורעים השקו ביין את הסוסים).

אין ספק שהפרעות תרמו את תרומתם להתעוררות הרעיון הציוני. קמה הסתדרות ציונית שנקראה „פאריין" ומשכה צעירים וגם לא צעירים. חברי התנועה קראו עיתונות ציו־נית והתחילו להכשיר את עצמם כחקלאים לקראת העלייה לארץ ישראל. כצעד ראשון לקראת העלייה לקחו חלקת אדמה מחוץ לעיר ובהדרכתו של אבי, ברל רייס, שהיה איש כפר, החלו לחרוש, לשתול ולזרוע ירקות. זוכרת אני איך היו היהודים מתפנים מעבודות החנות והסדנה וממהרים לחלקת האדמה כדי לקבל הכשרת מה בחקלאות, כי הרי חקלאים נחוצים בישראל. (אחדים מקבוצה זו עלו מאוחר יותר לארץ ישראל). אנו — הילדים, הבטנו בהערצה על הא־בות הרוצים להקים עם וארץ משלהם ולא לחיות בפחד מת־מיד בין הגויים.

ברוזוואדוב הייתה צומת רכבות וחיילים רבים „האלרצ׳י־קים" היו קופצים בין רכבת לרכבת לשעות מספר, תופסים ברחובות יהודים וגוזזים את זקניהם. מלאכה זו נעשתה לא במספריים אלא בסכין כשלעיתים יחד עם הזקן הורדה גם חתיכת לחי. היחידים שהתקוממו היו בחורים מה„ציוניס־טישע־פאריין", כל כוחם היה בזריקת אבנים על החיילים המתעללים ביהודים.

לימים נרגעו הרוחות, הילדים שוב למדו בבתי הספר וכ־דרכם של ילדים שיחקו בכדור רגל. נתארגן מועדון ספורט ע"ש טרומפלדור. יום אחד נזדמנה ברוזוואדוב בתם של קרובי משפחתנו מווארשא וסיפרה לצעירים שהיו מאוגדים במועדון הספורט שקיימת הסתדרות לצעירים ושמה „השומר הצעיר". היא סיפרה שתנועה זו מאחדת בתוכה גם ספורט גם לימודים וגם חינוך. וממועדון הספורט של בנים קם קן „השומר הצעיר" שמספר חבריו הלך וגדל. בתחילה נמנו על חבריו רק בני הנוער הלומד, אבל במשך הזמן נצטרפו גם רבים מבני הנוער העובד. הייתה זו פינת חיים תוססת לנוער שבעיירה. הייתי בקבוצה הראשונה של בנות שהצטרפה לקן „השומר הצעיר". הלבטים היו רבים, גם כבנות בין בנים לא היה זה כל כך פשוט. אבל חיש מהר גדל הקן ואנו הפכנו למדריכות בעלות חובות ותפקידים שונים אשר כולם היו מכוונים לחינוך ציוני חלוצי בעיירה. זוכרת אני אסיפה רבת משתתפים אחת, של הורים ואפוטרופסים, אשר אורגנה לק־ראת מושבת הקייץ. רצינו לארגן מושבת קייץ גדולה ויפה עם עבודה תנועתית רחבה ולהוציא לחיק הטבע מספר רב ככל שאפשר של נוער יהודי. למטרה זו היה נחוץ סכום כסף גדול אותו רצינו לגייס מההורים והתומכים למיניהם. לא־סיפה הוזמנו גם ה„שמאליים" שכוחם היחידי היה בהתנגדות



משפחת רייז

לציונות. באסיפה התפתח ויכוח ער בין החלק הציוני והלא־ציוני וכיוון שזה נגע מאוד לכל אחד מהציונים (גם אם לא כולם התלהבו מהמפעל השומרי להושיב בנים ובנות במו־שבה אחת) עלו התרומות מעלה מעלה ואיפשרו על ידי כך מושבה גדולה ויפה. תרומה גדולה נוספת קיבלנו מהעירייה שהייתה מורכבת בעיקר מגויים ויהודים דתיים אבל אבי שייצג את החלק הציוני, עשה מאמצים גדולים, עד אשר השיג סכום כסף באצטלה של חופשת קייץ לילדים עניים.

מושבה זו הייתה מושבת־קייץ הראשונה של הקן הרוז־וואדובאי, היא הוקמה בסביבה היפה של קולקוב. הייתה זו התחלה טובה למושבות נוספות, בשיתוף עם קנים רבים בס־ביבה שקיבלו אופי „גלילי". מכאן התפתח אחר כך גליל רי־שה־רוזוואדוב שאף נתן חלוצים ומגשימים רבים היושבים בקיבוצים אלה: עין המפרץ, תל־עמל, המעפיל, יד־מרדכי, מר/זביה ועוד. חיי תנועת „השומר הצעיר" היו מורגשים יפה בכל פינות העיר. השבתות היו קודש לפעולות הקן, בחיק הטבע. על כן ליד ארוחת הצהריים המסורתית בשבת ישבו בני הנוער בתלבושת שומרית וגאוות ההורים הייתה על כך. גם החילופים בהדרכה באו לפי הסדר — כשעלתה הבת הב־כורה ארצה קיבל את התפקיד הבא אחריה, אך לצערי לא הספיק הזמן לרכז את המשפחה כולה בארץ, רק 3 הגשימו את המטרה הנכספת (אחי האחד יושב בעין המפרץ והשני ביד־מרדכי). שלושת הצעירים יחד עם ההורים ניספו בשואה.

אחי הצעיר היה בן 16 בלבד ואף על פי כן נלחם עם הפארטיזאנים בסביבות לנצוט, אולם בהגיעו לילה אחד הביתה, גילוהו הגרמנים והרגו את כל המשפחה. לא נשכח את האחיות לאה ובלהה והאח מאיר וכן ההורים ברל והינדה רייז אשר כל תקוותם הייתה להגיע ארצה ולהיות שותפים לבניינה.

# משפחה שפילמן

יוכבד לב־סנס

עס איז געווען אַ שטילע האַרבסט־נאַכט. די יידישע איינוווי־נער זיינען געווען איינגעשלאָסען אין צער און יסורים. די לעצטע נעכט האָט קיינער קיין אויג נישט צוגעמאַכט. מען האָט גערעדט פון קאָנטריבוציעס און אויסזידלונג. אַ טער־מינאָלאָגיע פון קאַשמאַר. פלוצים איז די שטילקייט פון דער נאַכט דורכגעריסן געוואָרן דורך אַ שרעקלעכן געשריי און יערמערלעכע געוואַלדן. מיר זיינען געלאָפן אין דער ריכ־טונג פון די געשרייען. ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צום אָרט פון די געשרייען, האָט זיך פאַר אונדזערע אויגן אַנט־פּלעקט אַ שוידערלעך בילד:

אונטן ביים ראַטהויז, אין אַ טייך פון בלוט, איז געלעגן מיט אַ צעבראָכענעם פוס יענציע שפילמאַן, די טאָכטער פון ר' יוסף שפילמאַן. דאָס פּנים טויט־בלאַס פון שרעק און ווייטאָג און אירע פאַרצויגענע בלויע ליפּן האָבן אָן אויפהער געמורמלט: „איך האָב אַנדערש נישט געקאָנט", אַזוי ווי זי וואָלט געוואָלט זיך אַנטשולדיקן. זי האָט אָנגעהויבן דער־ציילן וועגן דער שוידערלעכקייט פון דער פּאַסירונג.

„פאַר אייניקע מינוטען איז אַריין צו זיי אין שטוב אַ יונ־גער ס.ס.־מאַן. ער האָט אויסגעשטעלט אַלע פיר טעכטער מיט דעם ציל איינע צו שענדן. זיין וואַל איז געפאַלן אויף חייטשע. יענציע קלערט נישט לאַנג, זי מוז ראַטעווען די שוועסטער. זי האָט אויסגעקליבן דעם זיכערן טויט: זי שפּ־רינגט צו צום פענסטער, רייסט עס אויף און פירט אויס דעם פּלאַן אַזוי שנעל, אַז קיינער האָט זי דערפון נישט גע־קאָנט צוריקהאַלטען. דער ס.ס.־מאַן האָט זיך דערשראָקן און אויך מורא פאַר ראַסן־שאַנדע איז ער אין דער פינסטע־רער נאַכט אַנטלאָפן.

יענציע האָט נאָר אַ פוס צעבראָכן. מיר האָבן זי אַריינ־געטראָגן אין שטוב און עס איז שווער צו שילדערן די יסורים פון יענציעס ווייטאָג. מיט אַ בלאַסן שמייכל אויף איר איי־דל פּנים האָט זי געזאָגט: עס איז געווען כדאַי, איך האָב מיין שוועסטער געראַטעוועט פון נאָך גרעסערע יסורים.

דעם נעכסטן טאָג איז געקומען די אויסזידלונג.

נאָך פיל וואַנדערן איז די משפּחה שפילמאַן ענדלעך גע־לונגען אַנצוקומען קיין סטאַניסלאַוואָוו. עס האָט זיך זיי גע־דאַכט אַז ענדלעך האָט די זון אויפגעשיינט, אָבער דער אויסברוך פון רוסיש־דייטשער מלחמה האָט זיי ווידער אַ־ריינגעוואָרפן אין די הענט פון די רוצחים.

וואָס די משפּחה האָט אַדורכגעלעבט ביז דער טויט האָט זיי אויסגעלייזט פון פּיין איז אַ פּרק פאַר זיך.

עס איז אומגעקומען אַן איידעלע בכבודע משפּחה און אָוועקגעריסן פון מיר טייערע פריינט. הי"ד.

# ינציה שפילמן

יוכבד לב־סנס

היה ליל סתו שקט. הבתים של היהודים היו סגורים ומסוג־רים. באותו לילה נדדה שנת יושביה היהודיים. בימים האח־רונים הרבו לדבר על גירוש וקונטריבוציות, הייתה אפילו כבר משלחת בעירייה — לאנדסראט — והכניסו הרבה כסף



ינציה שפילמן (משמאל) עם אחותה הניה ואברהם שלייען בן יחיאל גולדמן

וזהב. יושבים בבתים מלאים יאוש קודר ומהרהרים — מה יביא יום המחרת. שורר שקט מפחיד, רשרוש קל נשמע בא־ויר. לפתע הזדעזענו כולם — מבית שממול, מדירתו של מר יוסף שפילמן ז״ל מגיעים אלינו צעקות ויללות מרעישות עולמות. אינני יודעת עד היום איך זה קרה שכולם אחרי רגעים ספורים היינו במקום האסון. על אף איסור חמור לצאת מן הבית בשעה זו. מה ראו עינינו ? — על המדרכה בכניסה לבית של יוסף שפילמן ע״ה שכבה בתו ינציה בלי תנועה, קפואה בתוך הכאב האיום. באותו ליל שמורים גם ישבו בני המשפחה שפילמן מדוכאים עד עפר. פתאם — נקישה חזקה על הדלת וחייל גרמני נבזה נכנס — מעמיד בשורה כל הב־נות, בוחר לו אחת מתוכן — הגורל נפל על חיה. הוא דוחף באכזריות את כולם למטבח, סוגר אחריו את הדלת. ינציה שומעת צעדיו הגסים המתקרבים אל אחותה, היא רועדת בכל גופה, ינציה לא יכולה יותר — קופצת מקומה שניה. — מוכנה למות אבל להציל כבוד האחות. החייל נבהל בורח ועוזב את קורבנו (ראסענשאנדע).

פצועה הכנסנו אותה הביתה, על פניה העדינות חיוך חיוור מלא סבל ודמעות בשטף זלגו מעיניה. „לא יכולתי אחרת" רק אלו מלים אמרה ומבט חטוף זרקה על רגלה השבורה והכואבת.

למחרת הבוקר הכריזו על הגירוש. אחרי טלטולים מלאים סבל ויסורים הגיעה משפחת שפילמן לסטאניסלאבוב וכבר נדמה היה שזרחה השמש בשבילה; אך פרצה מלחמת רוסיה־גרמניה ויד רצחנית השיגתה שם. נספתה משפחה יקרה לי מאד, אנשים תמימים וישרים, משפחה אצילת נפש. הי״ד.

# משה לסט ז״ל

י. ג.

משה לאַסט ז״ל האָט געהאַט דעם גרעסטן פאַרדינסט ביים גרינדען דעם ארגון יוצאי ראַזוואַדאָוו אין ישראל. משה איז איינער פון די דריי זין פון יוסל לאַסט דעם באַקאַנטען האָלץ סוחר און באַליבטן בעה״ב אין ראַזוואַדאָוו. לייביש איז אַלס יונגער בחור אָבגעפאָהרן קיין אַמעריקע אוןביידע ברידער: שלמה און משה האָבן געהאָלפן דעם פאָטער ביים ענטוויקלען פון זיין האָלץ־מסחר. יוסל לאַסט און זיין פרוי חיה זיינען געווען ביי די דאָרפסלייט זעהר באַליבט.

משה׳ס פרוי מיט איהר קליינעם זון, זיינען בשעת דער אקופּאַציע פון היטלער־מיליטער ניצל געוואָרן פון גירוש „אַריבער דעם סאַן״. דאָס זעלבע גליק וועלכעס האָט זיך דערנאָך אַנטפּלעקט אַלס אונגליק האָט אויך געטראָפן משה׳סביידע שוועסטערן סימה ראָזענבערג און רחל׳ה שמידט מיט גדליה ראָזענבערג (סימה׳ס מאַן) און זייערע קינדער. ליידער האָט דאָס זעלבע „גליק״ אויך געטראָפן דעם אינגסטען ברודער שלמה. אלע זיינען זיי אומגעבראַכט געוואָרן פון די נאַציס.

די עלטערע טאָכטער פון סימה און גדליה ראָזענבערג און משה האָבן נאָך דער מלחמה עולה געווען קיין ישראל, אַבער דארציע מיט איר מאַן און זין האָבן זיך דאָ נישט



גדליה רוזנברג
(גיסו של משה לאסט ז״ל)

געקאָנט אַקלימאַטיזירען און האָבן עמיגרירט קיין קאַנאַדע.

משה, האָט זיך אַפילו ענטשלאָסען צום 2־טן מאָל חתונה צו האָבן. דאַסמאָל האָט ער חתונה געהאָט מיט אַ ראָזוואָ־דאָווער אַלמנה. נאָך עטליכע יאָר פון אַ צופרידענעם פאַ־מיליע־לעבן האָט משה אויסגעהויכט זיין נשמה.

דער ועד יוצאי ראָזוואַדאָוו, די מערכת אין ישראל און ועד הספר אין אַמעריקע טרויערן איבער זיין פריהצייטי־קען טויט און דעריבער וואָס ער האָט נישט זוכה געווען צו זעהן דעם „ספר־ראָזוואַדאָוו״.

חבל על דאבדין וכו׳!



סימה רוזנברג (מבית לאסט)

# צבי־הרמן זילבר ז״ל

יעקב גולדמן

צבי־הרמן זילבער, אַ אַנגעזעהענער און געשעצטער בירגער פון דער ראָזוואַדאָווער יידישער קהלה. ווען דער ציוניזם האָט זיך אָנגעהויבן איינוואָרצלען אין ראָזוואַדאָוו איז הער־מאַן זילבער געווען איינער צווישען די ערשטע. בשעת עס איז געגרינדעט געוואָרן די ערשטע ציוניסטישע אָרגאַני־זאַציע איז הערמאַן זילבער אויסגעוועהלט געוואָרן אַלס פּרעזעס.

הערמאַן זילבער, האָט זיינע קינדער און ספּעציעל זיינע ביידע זיהן פון זיינע ערשטע פרוי סימה געבאָרן פּערלמאַן ז״ל ערצויגן אין ציוניסטישען זין. ביידע זיהן, בעריש ז״ל און משה (דער יעצטיגער פּרעזידענט פון חברת בני משה האָראָוויץ אין אַמריקע) האָבן פאַר דעם 2־טן וועלט קריג זוכה געווען עולה צו זיין אַלס חלוצים קיין ישראל, אָבער זיי זענען נאָך אַ געוויסע צייט צוריק פאַרבלאָנדזעט געוואָרן אין דער אלטער היימאַט. משה (כנוי משה׳נקה) איז געלונ־גען צו עמיגרירען קיין אַמריקע און בעריש (וועלכער האָט

אינצווישען געהייראטעט) איז פאַרוואָרפן געוואָרן ביים צווייטן וועלט קריג מיט זיין פרוי קיין לעמבערג. דער־זעלבער גורל האָט געטראָפן הערמאַן זילבער מיט זיין 2־טער פרוי פייגה־לאה מיט זייערע 3 קינדער און בעריש מיט דער פרוי זענען לידער פאַרבליבען אין לעמבערג און דער אכזריות׳דיקער גורל האָט זיי דאָרט דערגרייכט.

יהי זכרם ברוך!



משפחת צבי זילבר

# מג״ר אברהם־ראמאן עלענבויגן

י. ג.



מג״ר אברהם ראמאן עלענבויגן

**גוטע מידות מיט מסירת נפש**

בשעת מיר שרייבן דעם יזכור־בוך פון אונדזער שטאָדט איז אונדז דערגאַנגען אַ ידיעה, וועלכע האָט געמאַכט אַ מהלך פון אַנטווערפן (אין בעלגיען). די ידיעה לויטעט: אַז דו — ראַמאַן עלענבויגען האָסט (בעת דער נאַצי־אוקו־פאַציע) אַריינגעשיקט אין געטאָ יאנוב־לעמבערג פּאַקעטן מיט לעבענסמיטעל פאַר בעקאַנטע און סתם שטעטישע. אַ טייל האָסטו דערהאַלטן זייער לעבן נור פאַר אַ געוויסע צייט, אַ טייל זיינען לעבען געבליבען — אַ דאַנק דיר. לײדער האָסטו אַליין דיין לעבן נישט געקאָנט ראַטעווען.

אַלע די וואָס ווייסען פון די דאָזיגע מעשים, די דירעקטע — און אויך מיר די אינדירעקטע עדות פון דיינע שענע מעשים, זיינען שטאָלץ דעריבער און וועלן דיך נישט פאַרגעסן.

יהי זכרך ברוך!

# אברהם אויסאיבל ז״ל

י. ג.

ביסט מיר געווען אומבאקאנט און דער אכזוריות׳דיקער גורל האט געפסקנט, אז מיר זאלן אויך ווייטער בלייבן אומבאקאנט, אבער טראצדעם האט ביי אונדזער געמיינ־



א. אויסאיבל

זאמער געזעלשאפטלעכער צוזאמענארבעט געהערשט א זעלטענע הארמאניע. ביידע האבן מיר געהאט דעמזעלבן ציל: א) העלפן דער שארית הפליטה פון ראזוואדאוו, וועל־כע איז גראד צו דערזעלבער צייט געקומען פון פוילין קיין ישראל; ב) פאראייביקן אונדזער־פאראהעלטנישמעסיק קליינע קהילה, וואס איז באקאנט מיט איר קולטור ארבייט בעיקר בשטח הציונות והחלוציות.

מיט בערך 4 יאר צוריק האבן מיר באשלאסן, מיט גע־מיינזאמע כחות צו פארווירקלעכן דעם לאנגיעריקן חלום פון שרייבן דעם יזכור־בוך פון ראזוואדאוו. עס האט אויך ביי דעם שווערן ענין געהערשט א הארמאניע אן שום דיס־אנאנסן. און ווען מיר זענען שוין געווען גאר ווייט אוואנ־סירט אין דער הייליקער ארבייט, האסטו, טייערער פריינט, אונדז פאלאזט אויף אייביק.

איך האף, אז אין די נאנסטע טעג וועלן יוצאי ראזוואדאוו אין ישראל און אין דער גארער וועלט לעזן דעם ספר הזכרון צו וועלכן אלע אן אויסנאם בענקען. זיי אלע וועלן צווישן אנדערע אויך לייענען דיין הערלעכן שיר „אלה אזכרה״ און דעם פרעכטיקן מאמר צום אנדענק פון אונדזער באליבטן ר׳ איציע מאיר׳ל, באקאנט אונטער דעם נאמען „דער קליינער שמש׳ל״. אלע וועלן דאס לעזן, אבער ליי־דער דו שוין נישט.

יהי זכרך ברוך!

# יצחק שכטר ז״ל

יעקב גולדמן

ערשט מיט א פאר טעג צוריק בין איך געווארע געווארן, אז דו, טייערער פריינט, ביסט אוועק פון אונדז אויף איי־ביק. ווען דו ביסט — מיט בערך א יאר צוריק — דא גע־ווען, האב איך נישט גערעכנט, אז איך וועל שוין קיינמאל נישט קאנען אויפשרייבן דיין נאמען אן די צוויי שרעקלעכע אותיות „ז״ל״.

בלויז דעם דאזיקן קורצן הספד איז מיר מעגלעך געווען צו איינשליסן אין בוך וואס איז שוין געווען אין דרוק.

געווען איז דאס אין יוני 1950, נאכדעם ווי איך בין נאר וואס געקומען קיין ישראל, האט מיר דאמאלס — דער תמיד רירעוודיקער עסקן ציבורי משה לאסט (ליידער אויך שוין א ז״ל) געצייגט א בריוו פון דיר מיט א צושריפט צו מיר, אז דו אלס סעקרעטאר פון חברת בני משה האראוויץ אין אמעריקע ראטסט מיר צו גרינדן א ארגון יוצאי ראז־

וואַדאָוו אין ישראל. האָסט אַפילו אָנגעוויזן אַ רייע פּער־זאָנען, וועלכע קאָנען לויט דיין מיינונג זיין נוצלעך אין דעם ארגון.

איך האָב דיך אין אַלע הינזיכטן געפאָלגט און שוין אין אָקטאָבער דעמזעלבן יאָר אָרגאַניזירט אַ אזכרה מיט אַ גענעראַל־פאַרזאַמלונג. עס איז אויסגעוועלט געוואָרן דער ועד, און בתוכם — די דורך דיר פאָרגעשלאָגענע עס־קנים.

און אַט איז דערשינען דער ספר יזכור ובתוכו דיין שיינער שיר „אילמלא...". ראַזוואַדאָוו לאַנדסלייט אין ישראל און אין דער גאַנצער וועלט וועלן אים לייענען, אָבער ליי־דער — דו, דער מחבר, שוין נישט.

מען קאָן שוין ליידער אין דעם וואָס עס איז געשען, גאָר נישט ענדערן. דאָס איז פון ששת ימי בראשית דער וועלט־שטייגער: „ד׳ נתן וד׳ לקח".

יהי זכרך ברוך!

# עירתי בגויים

משה בן־מנחם

כְּפֶלֶא עָלְתָה מֵעֲפַר הַדָּלוּת,
וְהִיא אַדְמַת קֹדֶשׁ בְּמִדְבַּר הַגָּלוּת,
מְחַכָּה בְּכָל יוֹם לַגּוֹאֵל, לְהִתְגַּלּוּת.

אֵיכָה, הָהּ, נָפְלָה וְאָבְדָה לִי כָּלִיל?!
נָדַם נְעִים קוֹלָהּ, לֹא שִׁירָה וְלֹא צְלִיל,
רַק קוֹל פַּעֲמוֹנָיו שֶׁל הַהוּא מֵהַגָּלִיל — — —

אֶזְכְּרָה בְדֶמַע אֶת בֵּית מִדְרָשָׁהּ,
בִּנְעוּרַי שָׁם הָגִיתִי בְּתוֹרַת מוֹרָשָׁה:
כִּי טוֹב לַצַּדִּיק, כִּי אוֹי, רַע, לָרָשָׁע!

עַתָּה מְיֻתָּמִים יַעַמְדוּ הַבָּתִּים,
לְעֵבֶר הַיַּעַר הֵם דֹּם נִבָּטִים —
לְבֵית הָעוֹלָם, לָרוּחוֹת הַשָּׁטִים...

בְּנוּיָה עוֹד עִירִי — אַךְ בָּנֶיהָ אֵינָם,
גּוֹיִים רְצָחוּם וַיִּרְשׁוּם בְּזֵינָם,
בַּנֶּחָמָה לֹא תִרְאֶה לְעוֹלָם עוֹד עֵינָם.

רַק הַמֵּתִים הֵם עִמָּהּ בַּצָּרָה:
לַיְלָה וְיוֹם יִתְּנוּ צַעֲרָהּ,
וְעִירִי דוֹמֶמֶת לְנֹכַח יַעֲרָהּ — — —



# ראזוואדאוו מיין שטעטעלע———

יחיאל מוהר

אַהן יידן שטייט מיין שטעטעלע, פאַרכאַפּט די הייזער אַלע
האָבן עשו׳ס קינדער מיט פאַרבלוטיקטע הענט ;
איך זע עס אין מיין דמיון — דאָס ראַזוואַדאָוו של מעלה,
אַזוי ווי כ׳האָב אַ מאָל עס אין דער היים געקענט.

אונדזער טייער געסל —— קינדער שפּילן אין דרויסן,
איך שפּיל אין קנעפּ — געריסן פונ׳ם זיידענס חאַלאַטל :
פון באַראַן הירש׳ס שולע קומט מיט נייע הויזן
מיין חבר שיעלע פאַרטעק, און איז מיך גאַנץ מבטל . . .

זומער־לעב ! מ׳גייט באַרוועס — ס׳קומען פון סאן די יינגען ;
עס איז פאַרנאַכט אין שטעטל, די זון פאַרגייט אין פלאַמען . . .
„שאו נס ציונה״ . . . „תחזקנה״ . . . הערט מען קולות זינגען,
ס׳שמעקט פון מנחה־מעריב, פון וועטשערע, און טאַטע־מאַמען !

איך זע ———— אוי וויי ! קיין פרילינג גרינט דאַרט נישט, קיין זומער,
עס וויינט מיין היים און יאָמערט, און קען זיך גאָר נישט שטילן ;
קומט צו גיין אַ וואָלקן, אַ בייזער און אַ שטומער,
קוקט זיך אום אין שטעטל — אפשר זוכט ער חיאלן, —

משהלי־שלמהלאַך — קינדער מיט שוואַרץ־חנוודיקע אייגעלאַך,
גייען אַהיים מיט שמחה פון די ענגע חדרים ? !
אומזיסט ! ניטאָ קיין זכר פון די כשרע פייגעלאַך,
טרויריק אַזוי אין שטעטל . . . גאָטס וועלט איז שפּל, אָרים ———

ס׳קלינגט אַ רויטע טומאה . . . קיין ייד איז נישט צו זען,
די הייזלעך אונדזערע בעטן : אַנטלויפן גיך פון דאַנען !
און דאָ, און דאָ אַ מאָל איז מיין מאַמעשי געווען,
און מיין קינדער־וויגעלע אַ מאָל איז דאָ געשטאַנען ——

# נשמת...

א. כ״ץ

הכרתיו את ר׳ מנדלי, בן האדמו״ר ר׳ נפתלי, הרב ממליץ, נכד לשושלת הרופטשיצאית. הכרתיו, את הצדיק התמים הזה, שנהרג על קדוש השם ותפלת „נשמת כל חי״ על לשונו.

סח לי אבא ז״ל: בא עובר אורח לר׳ מנדלי הורוביץ (אבי הרבי מרופשיץ) ז״ל, רבה של לינסק. הוציא הרב את רצועת התפילין של־יד ושלח למשכנם אצל המוזג בשביל מי־דבש לאורח. כשכעסה הרבנית (בתו של ר׳ יצחק׳ל המבורגר) על מעשהו, השיב לה הרב:

— מי־דבש אלה יצעקו „נשמת כל חי״...

וכה הקדישה שושלת זו, תפלה־זכה זו לששון ולאסון.

אי־שם בזכרונותיו מספר יצחק אבן על רוזוואדוב:

— „עמדתי בין קהל המתפללים ולא ידעתי נפשי. שלא במתכוון שלשלתי בעצמי את טליתי לפנים עד למתני והתחלתי לצעוק יחד עם כולם: „המנהג עולמו בחסד ובריותיו ברחמים״. זה — אחרי שובי מניו־יורק רבתי, לעיר מולדתי כאורח לשעה״...

הלחן והתחן לחי עולמים... ואי אפשר למסור ברבים נגון אדמו״רי על כל טעמו וחנו, אבל מי שלא שמע את הרב מרוזוואדוב שר „וכל הלבבות יראוך״, כשעבר לפני התיבה ב„פסוקי דזמרה״ — לא שמע שירה מקרב ולב מימיו. עוד פעם „ו־כל ק־רב וכ־לי־ות יזמ־רו לש־מך״ ועוד הפעם, ממש עד כלות הנפש. והכל בטעם ובקצב. אפילו השאגה הלבבית נקלעה לפי כל חוקי הנגינה בזמר זה.

בלילי הסדר, שעת חדוה והסיבת חרותי נצנצו לעיני דמעות הגיל והטוהר שנזלו על לחיי אבא ב„נשמת כל חי״. לא בנגון העצב של תפלת שבת, אלא דוקא בנגון המפייס והעליז של „האגדה״, ודמעותיו הכתימו את דפי ה„נשמת״ עם הפירוש הגדול שהכתיר את הפנים.

לפני מותו התיישב אבא על המטה והתחיל בקול „נשמת כל חי״ עד שיצאה נשמתו, ב„וכל קומה לפניך תשתחוה״.

למה אכחד: עד היום מצלצלת באזני שאגת־אימים זו של ה„נשמת״ בחצרות רוזוואדוב. בכל דרכי לוותה אותי. בימי על עלמין. צבא היטלר עומד לפני שערי הארץ. הרדיו בישר, כי קרוב יום בואו ועוד מעט בציון יעמוד ועל שארית הפליטה ינופף ידו. אזעקות בישרו הופעת אוירוניו וזמזומם הביא מורך בלבבות. באחת השבתות, כשרק התחיל הצבור בבית הכנסת תפלת „נשמת כל חי״, מזמזם לו ממעל אוירון. כל הקהל כאלו נשתתק והתאפק מפחד. פתאום פורצת מפי שאגה: „בכל עת צרה וצוקה אין לנו מלך עוזר וסומך אלא אתה״...

לא ליסר כונתי ולא לעודד, אלא „דין מדבית אבא״.

לחיים ולמות שמשה תפלה זו אצל חסידי רופשיץ ושושלתה.

וכה הלך חוטר אחד מגזע טהור זה, יחד עם בני עירו, לקראת המות כשתפלה זכה זו מרננת על שפתיו.

אור זרוע במרומים והיכל התפלה שמם... צלילים יבואו בו...

# רוזוואדוב

מניה עמר־ברלינר

רוזוואדוב עיירתי הקטנה. אמנם קטנה וצנועה היית, לא בנופים מזהירים נתברכת, לא בבנייני פאר הצטיינת ובכל זאת יקר לי זכרך מפני שבך ראיתי לראשונה את אור העולם, בך גדלתי ובגרתי.

אך הזמן לא השכיח מלבי את מראיך והמרחקים לא טישטשוהו. הכרתיך בשלש תקופותיך השונות כל כך. נולדתי בתקופת זהרך. עד פרוץ השואה זוכרת אני אותך שוקקת חיים יהודיים, ערה ומשגשגת. מאותה תקופה במיוחד זכור לי הנוער המעולה שלך חדור האידיאלים. לא בשעשועים ובילויים ריקים היו מעייניו אלא בקניית דעת ובפעולות ציוניות. נוער זה, שקץ בחיי הגלות, למד עברית והתעניין בחיי הארץ כדי לעלות אליה בבוא הזמן. אך לא רק את הנוער זוכרת אני כי אם גם את המקור ממנו ינק את מזונו הרוחני, את אהבתו לספר ואת תודעתו היהודית, את ה„יידישע היים״.

זכורים לי היטב אותם סבים ואבות, תלמידי חכמים ומשכילים וגם אותן אמהות אשר אהבת ישראל הייתה ראשית חכמה אשר החדירו ללב בניהן. אך לאותה תקופה מאושרת בא הקץ ברגע בו דרך הנאצי הראשון על אדמתך, ואז נשתנית עיירתי, פתאם נדמית, כאילו שותקת. החנויות נסגרו, בתי הכנסת חוללו, רחובותיך נתרוקנו מאדם כי מסוגרים בתוך בתיהם חיכו היהודים לגזר דינם. הוא לא אחר לבוא בצורת כרוז של גירוש. היהודים נצטוו להתאסף בכיכר השוק עם חפצים מעטים ולנדוד למקומות זרים מעבר לגבול. כך עלה בגורלנו לנטוש אותך רוזוואדוב ולהפקיר בידי הרוצחים



רוזוואדוב אחרי החורבן

והמודדים את כל רכושנו, פרי עמלם של דורות רבים. כחיה עומדת נגד עיני דמות סבי בעוברו את סף ביתו כשעל כתפיו צרור קטן ובו טלית ותפילין, בגדי שבת וכמה ספרי קודש. הוא נישק למזוזה ובקול רווי דמעות פנה אלינו, בני המשפחה, ואמר: „קינדער, מיר וועלן שוין דאָ מער נישט צוריקקומען" (ילדים, כבר לא נחזור לכאן). ואמנם התאמתה נבואתו. מכל משפחתנו הענפה חזרנו רק אבי ואני ואז ראיתיך שוב רוזוואדוב, ראיתיך אך לא הכרתיך. זכורני הרגע בו ירדתי מן הרכבת ברציף תחנתך. הייתי נרגשת מאד. הרי שוב עמדתי באותה תחנת רכבת אליה רצתי יום יום עם תיק בית הספר כדי לנסוע לגימנאסיה שבניסקו. רגשות חמים הציפוני וזכרונות שונים צפו במוחי, אך בעברי את שער הרציף ובעמדי ברחוב נתגלתה לפני המציאות הטראגית. כי לעיר בלא יהודים נהפכת, ופתאם תקפני רגש של זרות ופחד. המשכתי ללכת בכיוון בית סבי לשעבר, אבל ככל שהתקרבתי לבית, התעצמו אותן הרגשות. בריצה מבוהלת עברתי את הרחובות כי לא לאותה רוזוואדוב שלפני המלחמה דימית, אלא לבית־קברות. רחובותיך ריקים היו מאדם והבתים, אותם בתי יהודים המלאים חיים בעבר, נראו עתה כמצבות דוממות. ונדמה היה לי שאפילו צורתם החיצונית השתנתה. הם כאילו התכווצו ושקעו באדמה. וכשדרכה רגלי במקום שפעם היה יקר לי כל כך, נשכח לפתע מלבי הכל ורק שנאה עזה תקפתני, שנאה לכל אלה שהחריבו אותך, רוזוואדוב, שהרסו את קהילתך המפוארת ובתוכה את בני משפחתי. ואז ברחתי ממך רוזוואדוב. ברחתי לרכבת כדי להתרחק ממך ולנטשך אותך, שפעם הייתי כל כך קשורה אליך. עזבתיך עיירתי הקטנה אך לא שכחתיך ולא אשכחך לעולם, כי בלבי תשארי תמיד מה שהיית „די אַלטע גוטע היים" (הבית הישן והטוב).

# ראזוואדאוו אונטער די דייטשן

זיגמונד ויזן בן משה יהודה

אין 1939, ווען די דייטשן האָבן באָמבאַרדירט, איז זיך די באַפעלקערונג צעלאָפן אין פאַרשידענע ערטער. ווען ס'האָט זיך איינגעשטילט און די דייטשן האָבן באַזעצט פוילן, איז יעדער צוריקגעקומען.

צווישן די יום טובים האָבן די דייטשן געגעבן אַ באַפעל די יידן זאָלן זיך צוזאַמענעמען אין מיטן מאַרק אַזייגער 9 פאַרמיטאָג. 10 אַזייגער, האָבן דייטשן געפירט די יידן צום סאַן אין בראַנדוויצא. די בריק איז געווען דאָ צעשעדיקט פון אַ באָמבע. די דייטשן האָבן געגעבן אַ באַפעל, איז ביז 1 מיטאָג ווילן זיי נישט זען קיין איין ייד אויף דער זייט סאַן. די גויים האָבן אָנגעפאַנגען לאַנגזאַם אַריבערצושיפן די יידן. זיי האָבן פאַרלאַנגט נישט מער ווי 10 גראַשן פאַר איין

פערזאָן. ווען די דייטשן האָבן געזען, אַז ס׳איז שוין 3 אַזייגער, האָבן זיי אָנגעפאַנגען צו שלאָגן און צו יאָגן רייטנדיק אויף די פערד. מען האָט אָנגעפאַנגען צו צאָלן 50 גראָשן און 1 זלאָטע און וואָס מער, אַבי מען זאָל קענען זיין אויף דער צווייטער זייט פון סאַן. מען האָט זיך געשיפט ביז אין דער האַלבער נאַכט. אַ סך מענטשן האָבן פאַרלוירן זייער געפעק אין וואַסער און אַ סך אין דער פינסטערניש האָבן פאַרגעסן, ווו מען האָט עס געלייגט.

די זעלבע נאַכט האָט מען איבערגענעכטיקט אין דאָרף — ווו עס איז נאָר געווען פלאַץ. צומאָרגנס איז זיך יעדער איינער צעפאָרן ווו מען האָט געוואָלט. אין דערנעביק דאָרף זאַזשעצטשע זיינען געווען די רוסן.

מיין גאַנצע פאַמיליע האָט זיך פאַרהאַלטן אין אולאַנוו. די רוסן זיינען פון דאָרט אַוועק אין שמחת תורה און האָבן מיטגענומען ווער עס האָט נאָר געוואָלט גיין. אָנפאַנג ווינטער איז מיין באָבע מיט דער מומע יוכבד און בלומע וויזן מיט אַ קריסט אַריבער דעם סאַן צוריק קיין ראַזוואַדאָוו. דער קריסט איז צוריקגעקומען מיט אַ בריוו, אַז איך זאָל זען צו קומען כדי צו פאַרזאָרגן עפּעס עסן פון די דערפער. זיינען מיר, איך און אברהם ראָזענבליט, שבת גאַנץ פרי, אַזייגער 4, אַרויס פון אולאַנוו. ס׳איז געווען אַ גרויסער שניי מיט אַ פראָסט דאַמיט די וואָך פון דער בריק זאָל זיך נישט גלוסטן אונדז צו פאַרהאַלטן. ווען מיר זיינען צוגעקומען ביז צו דער בריק, זיינען אַרויס פון דער בודקע 2 וואַכמענער און געפרעגט: „וווהין?" האָבן מיר געענטפערט: „רודניק". זיי האָבן אונדז גאָרנישט געפרעגט, נאָר געוויזן דעם וועג ווו מיר זאָלן גיין.



עבודת כפייה

מיר זיינען געגאַנגען צופוס ביז ניסקאָ. אַנטקעגן דעם באַנהאָף איז געווען אַ לאַגער מיט יידן פון ווין, בלויז פאַךלייט. מיר האָבן מיט זיי אַ סך צייט נישט געהאַט צו רעדן, ווייל מיר האָבן באַלד געהאַט דעם צוג קיין ראַזוואַדאָוו. מיר האָבן געקויפט 2 קאַרטן. אין צוג זיינען מיר געזעסן באַזונדער, מען זאָל אונדז נישט דערקענען. קומענדיק קיין ראָזוואַדאָוו האָבן מ׳ר די היטלען אַראָפּגעצויגן איבער די אויגן און איבערגעגעבן די קאַרטן דער קאָנטראָל. מיר זיינען אַוועק זהיים מיט די הינטערגאַסן. מיין באָבע האָט געוווינט ביי שרה לינסענבוים. זי איז געבליבן מיט איר אַלטן פאָטער.

די געבליבענע פאַמיליעס אין ראַזוואַדאָוו וואָס איך געדענק:

איזאַק גאַרטען, חיים איזאַק שיינאַק, יהושע בער מיט פאַמיליע, סימה קאָלער און פאַמיליע, שרה לינסענבוים מיטן פאָטער, אסתר אולאַנאָוו מיט דער מוטער, שלמה קלאַפּ, מלה האַניגסבערג מיט דער פאַמיליע, מנדל שוחט מיט דער פרוי, יעקב ענדע און פרוי, דער זון אַהרן איז געקומען פון געפאַנגענשאַפט, קוטשערן און פרוי, ירחמיאל שלאַנגער מיט פרוי, ניסנ׳ס פרוי און טאָכטער (דער פאָטער אַ שוסטער), ברוך פאַרטעק (ז לאַמער), זיידזיני מיטן מאַן, אַנשל שוחט און זיין ברודער מיט פאַמיליעס, שמעון שוחט און שפרה די געברידער פון די קוויטלעך מיט פאַמיליע, יוסף רייס מיט דער מוטער, די מומע זלאַטע, שעכטער גיטל משה שעכטער׳ס מוטער, יוסף לינסענבוים מיט פרוי, יומע גראָס מיט פאַמיליע, יואל וואַכטל מיט דער שוויגער און פאַמיליע, שריל וואַכטל מיט פאַמיליע, יומע בענד מיט פאַמיליע, דער סטאָלער משה מענעס מיט דער פאַמיליע, די ווילטשע וואָלע מיט דער טאָכטער, דער איידעם איז געקומען פון געפאַנגענשאַפט פון דייטשלאַנד, חיים לייב שנאַל מיט דער פרוי, ווידער שפיל מיט דער משפחה, אַהרן יוסף מיט דער פרוי, פריסט וואָלף מיט דער גאַנצער משפחה, פאָטער, מוטער בראַניקס, בלימע וויזן, משה יהודה וויזן מיט פאַמיליע, יוכבד וויזן מיט פאַמיליע, מאיר הס מיט פאַמיליע, יהודה הס מיט פאַמיליע, מלך רייס מיט דער פאַמיליע, שלמה רייס דער איידעם פון בלומע וויזן מיט פאַמיליע, משה וואלד מיט פאַמיליע, משה האס מיט פאַמיליע, איזאַק וויזן שווער פון משה ווילנער מיט פאַמיליע, קירשנבאום יוסף, דער איידעם פון שיינאַק, הערשן דוד מיט פאַמיליע, ראזענבליט אלי מיט פאַמיליע, יוסף קרוליק מיט פאַמיליע, שטיינער בערל בעקער פון קראַקאָוו מיט פאַמיליע, די מומע פרלמן, ישע פון געפאַנגנשאַפט, איידעם פון שיינאַק, בראַנד באָרוך, שילים וואַכהאַלדער ז״ל געשטאָרבן אין חיפה, אברהם איימער פון געפאַנגנשאַפט, שמחה מיט פרויביילע בורס שוואָגער, אַ שניידער, די שמענדזינע

מיטן מאַן, שיינוק שלום, בערל גאַרפינקל מיט פאַמיליע, ברוך וואַכהאַלדער, פעלדמאוס.

וועגן דעם ביסל פאַמיליעס אין שטעטל האָבן די דייטשן איבערהויפּט ניט געוווּסט, צי זיי זיינען געבליבן. די קריס־טן האָבן נאָך אַ פּאָר וואָכן דערזען, אַז עס געפינען זיך אין שטעטל עפּעס יידן, האָבן זיי אָנגעפאַנגען צו מסר'ן, אַז עס געפינען זיך פאַרשטעקטע יידישע פאַמיליעס.

פון אָנפאַנג האָט מען ניט געטאָרט אַרויסגיין, אַזוי ווי עס איז נאָר נאַכט געוואָרן, די פענסטער האָבן געמוזט זיין פאַר־טונקלט, מען האָט נאָר געלייכט אַ קליין לעמפּעלע, אַז מען זאָל חלילה ניט אַרויסזען די שיין אין דרויסן. ווי די פּאָליציי האָט געפונען אַ יידישע פאַמיליע, האָבן זיי געהייסן קומען אין דער פּוילישע פּאָליציי זיך מעלדן. די פּוילישע פּאָליציי איז געווען אין ראַטהויז צוזאַמען מיט דעם מאַגיסטראַט. מען איז לאַנגזאַם געגאַנגען זיך מעלדן, מיט אַ לענטע אויף דער רעכטער האַנט. אַ ווייסע לענטע 10 ס"מ ברייט מיט אַ בלויען מגן דוד.

אין דער פּאָליציי איז געווען איין פּאָליציסט מיטן נאָמען רייטשוק. ער איז געווען אַ גרויסער יידן־פריינט. ער האָט לאַנגזאַם אַלע יידן איינגעמעלדעט. און לויט דער רשימה האָט ער אַרויסגעשיקט צו דער אַרבייט. די ערשטע אַרבייט, וואָס מיר זיינען אַרויסגעגאַנגען, איז געווען שניי שאַרן. דאָס איז געווען נעבן דער פּאַוושעכני שול. דאָרט האָט זיך געפונען די דייטשע פּאָליציי. מיר האָבן געאַרבעט פון 7 פרי ביז 9 נאַכט אָן עסן; מיט שטעקנס האָט מען געשלאָגן, דאָס מיר זאָלן שנעל אַרבעטן.

געאַרבעט האָבן דאָרט אַ חוץ מיר:

**מענער ביי שניי־רייניקן:**

אַנשל שוחט, בער זיינוול, בער מלך, אברהם ראָזענבלאַט, גאַרפינקל יצחק, וואַכטל יחיאל, וואַכטל יואל, שיינאַק שלום.

**פרויען ביי וואַשן פּאָדלאָגעס און פענסטער**

ווידערשפּילס 2 אייניקלעך, אַנשל שוחטס 2 טעכטער, פייגע פּראָסט (בראַניק), אסתר, אהרן יוסף'ס אייניקל.

דער צווייטע אַרבעט־פּלאַץ איז געווען ביי לייב קאָס, דאָרט איז געווען די קיך פון דער דייטשער פּאָליציי. מיר האָבן געהאַקט האָלץ און געטראָגן קוילן, אויך קלאָזעטן געריייניקט און אַנדערע שמוציקע אַרבייט געטאָן. די זעלבע אַרבייט האָבן מיט געמאַכט ביי קראַפּף, שמחה פּלאָום און בער רייך.

אין הויז פון קראַפּף דייטשע פּאָליציי און זשאַנדאַרמעריע
״ פּלאָום ״
״ שולע ״
״ קאָס פעלד־קיך
״ בער רייך געסטאַפּאָ

אין 1940 איז אָנגעקומען אברהם איימער פון געפאַנגען־לאַגער צו די עלטערן. אהרן שייע אַנדע דער איידעם פון שיינאַק איז געקומען צו זיין שווער, און פעסע(?).

אברהם איימער איז געווען ביי זיך אין דער היים. ער האָט געוווינט אין אַ קליין צימער. און נאָכער האָט אים דער קריסט אַרויסגעוואָרפן, איז ער אַריין אין דער האָלץ־קאַמער און דאָרט האָט ער געוווינט. איך האָב זיך געטראָפן מיט אברהם איימער 2 מאָל. האָט ער מיר דאָס דערציילט. פון פאַרשיידענע שמועסן האָב איך געהערט, אַז אברהם האָט



עבודת כפייה

זיך די גאַנצע צייט אַרומגעקריגט מיט דעם קריסט וואָס ער האָט ביי אים געוווינט.

אין דער אַנדער העלפט פון 1940 האָט מען גענומען פאַר־שידענע קריסטן צו דער פּאָליציי. צווישן זיי זיינען געווען 2 יידן, אברהם איימער און משה באַנד. מען האָט זיי אַרעס־טירט. דערנאָך האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז דעם טראַנס־פּאָרט האָט מען אָוועקגעשיקט קיין אוישוויץ.

מיר האָבן אויסגעלייגט פּערטל פון ראַטהויז, די זייט פון קראָפּס־הויז, מיט מצבות און מיט שטיינער פון דער שול וואָס מיר האָבן צענומען. פון דער שול איז נאָר געבליבן די מזרח־וואַנט וואָס מען האָט ניט געקענט צענעמען. מיט דעם בית הקברות האָט מען פאַרברייטערט דעם באַנהויף מען האָט געמאַכן גלייזן פאַר דער באַן. און נאָך דעם האָט מען דאָס בית־מדרש צענומען.

דאָס לעבן איז געווען זייער שווער. מיר האָבן געמוזט אַרויסגיין מיט פּאַסקעס אויף דער רעכטער האַנט. אין די געשעפטן האָבן מיר געמוזט קויפן נאָר פון 10—9 פאַרמיטאָג און 5—4 נאָכמיטאָג. גיין נאָר ביז 7 אַזייגער. מיר האָבן באַ־קומען ברויט אָף קאַרטן 250 גר. פאַר איין פּערזאָן. די רעשט האָט מען געקויפט אין די געשעפטן. מען האָט זיך איינגעש־טעלט און מען איז געגאַנגען אין די דערפער ווו מען האָט נאָר געהאַט אַ באַקאַנטן קריסט; מאַנכע קריסטן האָבן מער אָדער ווייניגער געהאָלפן. ווען מען האָט געברויכט אַ דאָק־טאָר, איז מען געגאַנגען צום ד״ר קראַסון ער האָט זייער פיל געהאָלפן. ער האָט נישט נאָר מעדיצין, נאָר אויך מילך גע־געבן, ווייל ביי אים זיינען געווען 2 קי פון זיין שכן חנינא. ד״ר קראַסון האָט אָנגענומען ביי זיך אין צימער, ער איז אויך אַהיימגעקומען, ווען מען האָט באַדאַרפט.

באַהייצונג איז ווי איינער האָט זיך אָרגאַניזירט. מען האָט צענומען פאַרשידענע געביידעס. מיר האָבן געשלעפט אַזוי אַז דער אויפזייער פון דער געמיינדע זאָל נישט זען. מיר האָבן אויך געאַרבעט ביי קוילן פון די וואַגאָנען, האָט מען זיך אַהיימגענומען אַביסל קוילן מיט גנבה.

**צענומענע געביידעס**

1. דאָס הויז נעבן קעסלער האַדעס אין דער באַן־גאַס פון ראובן קירשענבאום־שעכטער,
2. דאָס הויז נעבן שול פון פּאָבליוו אהרן, בירנבאום יצחק,
3. דאָס בית המדרש פון רבי'ן,
4. דאָס הויז פון שמחה דעם בייטלמאַכער האָט שק־לענער געקויפט און איבערגעשטעלט פאַר זיינע טעכטער.

דאָס בית־יעקב־הויז האָט מען אויך צענומען און פאַרשי־דענע אַנדערע געביידעס וואָס איך געדענק ניט.

ווינטער 1941. צוגעקומענע פאַמיליעס פון באָיאַנאָוו:

פאַמיליע גראַס, פאַמיליע נאַכעמיא און נאָך אַנדערע רוזן (?) בליצער.

די פאַמיליעס וואָס זיינען געקומען פון לעמבערג (וואָס איך געדענק):

משה וויזן, ישראל וויזן מיט פאַמיליע, חיים וואָלף בירנ־באום מיט פאַמיליע, לאַטקע שרייבער מיט דער טאָכטער, י. שרייבער טאָטער מיטן מאַן אבוש, דן שפירא מיט פאַמיליע, שלמה לאַסט, רוזנבאום חיים, פערמאַן לייזער, רייס בערל, משה ווילנער מיט פאַמיליע און אַנדערע (?).

ווען די פאַמיליעס פון לעמבערג האָבן זיך שוין באַזעצט אין פאַרשידענע הייזער, ווו עס איז נאָר געווען פריי, האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט אַ יודענראַט. דאָס האָט פאַרלאַנגט די די פּאָליציי. דאָס יודענראַט איז געווזן אין דער געביידע פון ב. גורפינקל אַנטקעגן בר רייך.

**אין ערשטן יודענראַט זיינען געווען:**

פרלמאַן לייזר, פרעזעס; שפירא דון, סעקרעטאַר; יצחק גאַרטן, פלעמיעניק פון ברלין, קוריער; לייזר גאַרטען.

דער יודנראַט האָט גאַנץ שטיל געפירט, יעדן טאָג זיינען געגאַנגען אַנדערע צו פאַרשידענע אַרבייטן. יעדער איינער האָט געדרייט ווי ער האָט געקענט. מען האָט געהאַנדלט מיט פאַרשידענע קריסטן.

ב. גאַרפינקל האָט שטילערהייט געהאַנדלט מיט וואַלוטע מיט פאַרשידענע ציוויליע מענער. נאָך אַ געוויסער צייט האָבן זיי ביי אים באַשטעלט אַ גרויסע סומע געלט און זיי האָבן זיך באַשטימט, ווען זיי וועלן קומען צו אים. די חברה זיינען געקומען צו אים מיט אַ טעקסי. פון איר זיינען אַרויס־געגאַנגען 4 פערזאָן אין אוניפאָרם פון געסטאַפּאָ. זיי זיינען געווען פון סטאַלאָוואַ־וואָלא זיי האָבן פון אים צוגענומען דאָס געלט און אויך אַלעס וואָס ער האָט געהאַט אין דער וווינונג, און אים אויך צוגענומען קיין ס. וואָלא. ער איז דאָרט געזעסן אין דער תפיסה אַ צייט. מיט שווערער מי האָט מען אים באַפרייט. אין אַ קורצע צייט נאָך דעם האָט מען אים געמאַכט פאַר פרעזעס פון יודנראַט.

ער האָט צו זיך צוגענומען פאָלגנדיקע פערזאָנען:

**דער צווייטער־יודענראַט**

ב. גאַרפינקל — פרעזעס, י. קרוליק — וויצע־פרעזעס, דון שפירא — סעקרעטאַר, דניאל גראַס — פּאָליציי, דוד הרשאַן — פּאָליציי.

און יעצט, ווען מיר האָבן שוין אַ גרויסן יודענראַט און עס איז צוגעקומען אין שטעטל נאָך יידן, דאַרף מען מער מענטשן צו דער אַרבעט. ווי עס האָט זיך געפירט ביי זיי, ווייס איך ניט, נאָר מיר האָבן עס געשפּירט אויף אונדזערע פּלייצעס. מיר האָבן געהאַט פיל מער פּלעצער צו גיין אַרבעטן.

מיר האָבן געאַרבעט ביי בויען אַ באַן סטאַציע אין סטאַלאַווא-וואָלא, אין טאַרטאַק פון אברהם א. מיר האָבן אויך געשניטן טאַרף אין וואַלד.

זומער 1941 האָט מען צוגעשטעלט אַ בריוו, מען זאָל צושטעלן מענטשן קיין פּוסטקאַוו דאָס לאַגער איז געווען אַ טויטן לאַגער, פון דאָרט איז ניט יעדער צוריקגעקומען. די פּוילישע פּאָליציי האָט געכאַפּט וועמען מען האָט געזען. און ווער עס איז ניט געווען אין מאָמענט און די צייט איז אַדורך, איז פאַרפאַלן.

אַ ביישפּיל, איך מיט מיין ברודער האָבן זיך באַהאַלטן: מיין ברודער שלמה אין כאַזשעוויץ און איך בין אַוועק קיין פּילכוו אין דאָרף אַריין.

געפאַנגען האָט מען פאָלגנדע פּערזאָנען:

אברהם ראָזענבליט, שטיינער, מאיר רייס, הערש, דעם איידעם פון שיינוק.

ווי די פּוילישע פּאָליציי האָט זיי געפירט מיט דעם צוג, האָבן זיי געזאָגט מיר מוזן ניט זיצן מיט די יידן צוזאַמען און זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען אין אַ באַזונדערער סעפּעראַטקע, און זיי פאַרשלאָסן. יעצט האָבן די 4 חברים געעפנט דאָס פענסטער און עס זיינען אַרויסגעשפּרונגען פון צוג שטיינער און רייס. מיט 2 פּערזאָן איז די פּאָליציי געקומען קיין פּוסטקאַוו. נאָך עטלעכע וואָכן איז געלונגען די 2 חברים צו אַנטלויפן. דאָס האָבן זיי דערציילט.

נאָך דעם איז עטלעכע חדשים געווען שטיל. יעדער איינער איז זיך געגאַנגען צו זיין אַרבייט. אָנפאַנג 1942 האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט קאָנטריבוציע.

דאָס געלט פון דער קאָנטריבוציע האָט צוזאַמענגענומען י. קרוליק. ער האָט ניט געקוקט, צי מען האָט צו געבן צו ניט. ווען מען האָט ניט געהאַט, האָט ער צוגענומען עפּעס פון דער צימער. ביי מיין פאָטער אַ ביישפּיל, האָט ער דאָס ערשטע מאָל גענומען אַ רינגל פון דער האַנט און דאָס צווייטע מאָל — דעם פּעלץ. און וואָס ביי אַנדערע, ווייס איך ניט. און אַזוי האָט מען צוזאַמענגענומען 2—3 מאָל. שפּעטער האָט שוין ניט געהאָלפן קיין געלט. נאָר אַ ווישעדלעניע.

די ווישעדלעניע איז געווען דעם 21.7.1942. אין טאָג פון דער ווישעדלעניע האָט מען ניט געוווּסט ווו מען וועט אונדז פירן. מיר האָבן זיך צוזאַמענגענומען אין מיטן מאַרק. די דייטשן זיינען אַרויסגעגאַנגען ווי פאַרסמטע, ווו זיי האָבן געטראָפן אַן עלטערן מענטש, האָבן זיי אין גאַס געשאָסן.

### דערשאָסן אין שטאָט ביי דער ווישעדלעניע

האַניגסבערג פון מיידאַן, אויף דער גאַס. יוסקע רייס — אויף דער גאַס. זאלטא (זומו) און חנה שעכטער אויף דער פּלאַץ אין מאַרק, איך האָב עס געזען. יצחק וויזן מיט זיין פרוי אין זיין צימער. יוסף לינסנבאַוים מיט זיין פרוי, חיים ליב שנאל מיט פרוי, פּריסט מיט פרוי, שרה (בראַניק) אין זייערע צימערן. אהרון יוסף מיט דער פרוי (דער מילך-טרעגער), אין מאַרק, איך האָב געזען. בליצער גאָלד, ביילע בליצער, גיטע, און לייזער גראַס, אַלע פון באַיאַנאָוו. און נאָך אַ סך אַנדערע, וואָס איך געדענק ניט.

### 1939—1940 געשטאָרבן אין שטאָט

קוטשערן געפּרווירן. ירחמיאל שלאַנגער און פרוי, שלמה לינסנבוים, ניסן פּראַוו (שוסטער), ברוך (פּאַרטעק) די מוטער עסציא אולאַנאָוו זיידזינע, שמעון שוחט, שלמה (קלאַפּ) די געברידער פון די קוויטלעך.

אין מיטאָג צייט האָבן די דייטשן אונדז געפירט צום צוג, און אויך געשאָסן, פון הינטן אין קאַרק, אַז מען זאָל נישט וויסן. מיר זיינען צוגעקומען אויף דעם פּלאַץ ביי דעם לאַסט-באַנהאָף. דאָרט האָט מען געהייסן אַנשטעלן זיך צו 5 און מיר האָבן געמוזט קניען מיט'ן קאָפּ אַראָפּ, אַזוי זיי זאָלן קענען שיסן אין קאַרק אַריין. נאָך דער סעלעקציע האָט מען אונדז איינוואַגאַנירט; איך געדענק נישט, וויפל מענטשן מען האָט אַריינגעפּאַקט אין די וואַגאָנען. מיר זיינען געפאָרן אַ גאַנצע נאַכט. צומאָרגנס אין דער פרי זיינען מיר געקומען קיין דעמביץ. אין דעמביץ האָט מען געעפנט די וואַגאָנען און ווידער אַנגעשטעלט צו 5. און מיר זיינען געגאַנגען ביז צו דעם זאַמל-פּלאַץ. דאָרט האָבן מיר געזען דעם גאַנצן קרייז דעמביצא. מען האָט צוזאַמען געשלאָסן אויך טאַרנאָבזשעג און אַנדערע.

דאָס פּלאַץ אין דעמביץ איז געווען אַרומגערינגלט פון די אוקראַינער איבערגעטאָן אין דייטשע מונדירן. דאָרט איז שוין דער מענטש קיין מענטש ניט געווען. מען איז געווען ווי ווילד, מיר האָבן ניט געוווּסט וואָס עס וועט פּאַרקומען.

איבער דעם גאַנצן פּלאַץ זיינען געווען טויזנטער מענטשן.

מיר האָבן געמוזט אויך קניען מיט דעם קאָפּ אַראָפּ, די דייטשן האָבן ווידער געקליבן די אַלטע מענטשן און געהייסן לויפן. ווער עס האָט ניט געוואָלט גיין, האָבן די אוקראַינער מיט הענטל שטעקנס געשלעפּט ביי דעם קאָפּ. עס

ביים הר סיני האָסטו מיט אונדז, אלמעכטיקער,
אונטערגעשריבן אַ הסכם — איצט צאָלן מיר מיט
בלוט,
ימים בלוט היינטיקע און נעכטיקע,
אונדזער בלוט, ווי כ'זע, איז דיר גאַרנישט אַ שאַד.

ווייס — איין פאַרברענט קינד איז מיר טייערער פון
מתן־תורה,
טייערער פון אַלע הימלען איז איין געשאָכטענער ייד —
דיין שווייגן באַפרייט מיך פון דעם, וואָס כ'האָב געשווירן
ווייטער, גאָט, דיר גלייבן בין איך שוין צו מיד.

# איבערלעבענישן

שמואל לייב גלאַנץ

איך בין נישט קיין שרייבער און איך האָב קיינמאָל נישט געדענקט, דאָס איך וועל שרייבן.

נאָר די געשיכטע פון דעם יידישן חורבן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט מיך געמאַכט פאַר אַ שטיקל שרייבער. דאָס הייסט איך שרייב פון מיינע אייגענע צרות.

יעדעס מאָל, ווען איך נעם די פעדער אין האַנט, ציטערט זי מיר שטאַרק און מיין האַרץ גייט מיר כמעט אויס.

ווען איך נעם דורכבלעטערן אין מיין מוח די יידישע צרות, וואָס דאָס זיינען מיינע אייגענע איבערלעבונגען, וואַרף איך אַוועק די פעדער און איך טראַכט, דאָס איז נישט מעגלעך — קיין בשר ודם האָט דאָס נישט געקענט דורכהאַלטן און בלייבן לעבן און נאָך שרייבן, ווי אַזוי מען האָט אים געפייניקט. יעדער קלאַפּ איז געווען אַ טויט־קלאַפּ, און אויב עס איז דאָ אַ גהינום, איז ער גאָר נישט קיין גלייכן צו דעם, וואָס מיר האָבן דורכגעגאַנגען.

מיט אַ צייט שפּעטער, ווען איך נעם ווידער די פעדער צום שרייבן, זע איך, אַז איך שרייב און איך לעב מיט אַ צעבראָכן האַרץ, מיט צעבראָכענע ביינער. איך האַלט די פעדער אין האַנט, מיין האַנט שרייבט, וואָס דער מוח דיקטירט, און איך גיב זיך אָפּ אַ דין וחשבון, אַז אַ געשריבן וואָרט קען מען נישט אָפּלייקענען און מען מוז זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר יעדעס וואָרט. איך האָב שוין מיין שטים געלאָזט הערן אויף פאַרשיידענע פאַרזאַמלונגען. און אַ סך מאָל אין דער יידישער פרעסע אין אַמעריקע.

איך נעם אויף זיך די פולע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דעם געזאָגטן. עס טוט מאַנכעס מאָל וויי, אָבער ווי שטאַרק עס זאָל נישט וויי טאָן, פיל איך דעם חוב צו זאָגן דעם אמת.

ווער עס האָט נישט קיין ריינע הענט מיט קיין ריין געוויסן, זאָל שטיין אין זייט פון דער יידישער מחנה. און אויב נישט, זאָל די יידישע געזעלשאַפט די יעניקע אויסשליסן פון כלל ישראל. איך האָב מיטגעמאַכט דאָס גיהנום פון דעם 1־טן סעפּטעמבער 1939 ביז דעם 6־טן מאי 1945. דאָס האַרץ האָט מיך געבלוטיקט פון אומקום פון די מיליאָנען קדושים. איך האָב נישט געקענט שווייגן; איך קען אויך איצט נישט שווייגן.

אָנפאַנג 1945 האָבן מיר געזען, אַז דער קריג גייט צו ענדע. האָבן מיר זיך געטראַכט: ווויל וועט זיין דעם יעניקן, וואָס וועט בלייבן לעבן, ער וועט האָבן אַ שיין לעבן, אַ יושרדיק לעבן. ער וועט קענען נקמה־נעמען אין די מערדער. אָבער מיט אַ יעדן טאָג זיינען אונדזערע רייען געוואָרן קלענער, און ווען עס דויערט נאָך 2 וואָכן, בלייבט קיינער נישט פון אונדז. דער ווילן צום לעבן איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז מען קען זיך דאָס גאָר נישט פאָרשטעלן. נישט ווייל מען האָט געוואָלט בלייבן לעבן. מיר האָבן פאַרשטאַנען אונדזער לאַגע, קיין הנאָה פון לעבן קענען מיר שוין נישט האָבן. פיזיש צעבראָכן, אַליין געבליבן, קיין פאַמיליע מער, צו וואָס טויג נאָך אַזאַ לעבן? נאָר נאָכגעבן דעם יצר־הרע? מיר זיינען געווען זיכער, אַז יעדער איינער וועט זיין געזעצלעך און מאראליש פארפליכטעט אָפּצוגעבן אַ דין וחשבון און די שולדיקע וועלן באַשטראָפט ווערן. 2 טעג פאַר דער באַפרייונג האָט אַ יעדער קאַפּאָ געפילט, אַז ער איז נישט אין אָרדנונג; האָט אַ יעדער קאַפּאָ פאַרזאַמלט אַביסל פון זיינע שקלאַפן און גערעדט צו זיי: „איר ווייסט דאָך, אַז איך האָב געוואָלט זיין גוט פאַר אייך, אַ דאַנק מיר זייט איר געבליבן לעבן, לאָמיר זיך צוזאַמענעמען און העלפן איינער דעם אַנדערן".

די זעלבע נאַכט זיינען געעפנט געוואָרן די טויערן פון לאַגער, דאָס רוב פון די קאַפּאָס זיינען אַנטלאָפן, אויס מורא פאַר זייערע גוטע מעשים טובים. מאַנכע זיינען געבליבן. וואָס האָבן מיר געקענט מאַכן? מיר זיינען געווען מתים, נישט געקענט גיין און טויזנטער זיינען געשטאָרבן נאָך דער באַפרייונג.

איצט אַ פּאָר ווערטער צו די יעניקע, וועלכע זיינען אין קיין לאַגער געווען און וועלן משפּטן פון בלויזן הערן. איר קענט נישט פאַרשטיין יענע צייטן, האַלט אייך צוריק פון באַשולדיקן. גלייכצייטיק פאַרטיידיקט קיינעם, ווייל איר קענט פאַרטיידיקן אַ פאַרברעכער!

איך בין זיכער, אַז עפּעס האָבן די לעבן-געבליבענע יאָ דערלעבט — דאָס איז אַ יידישע מדינה.

**דעם 6-טן מאַי 1945**

27-טן אָקטאָבער 1944 זיינען מיר געשטאַנען 4 שעה אויף איין אַפּעל אין קאָנצענטראַציע-לאַגער אין דאַכאו. עס איז געגאַנגען אַ רעגן מיט אַ שניי און דערנאָך אַ פראָסט, זינט דאַמאָלסט זיינען אונדזערע קליידער, דאָס געלעגער, דאָס ביסל שטרוי מיטן פּריטש, געווען נאַס. דאָס האָט פאַראורזאַכט לונגען-אָנטצינדונגען. די צאָל טויטע איז געווען 500 א וואָך



שארית הפליטה



שארית הפליטה:
חיה בוך, שרה קרופף, שפרה פלוס, חיה וויזן, נפתלי שלנגר, מרדכי פדרבוש, פרל וויזן, מנדל וו״ז, לאה זילבר, מנדל פייט, חייטשע וויזן, אסתר ברגשטיין, צביה רייז, אבא לינדזנבוים, השיו פדרבוש, ישראל זלמן ליפשיץ, חוה הוכמן, מרודיק, היתר אינם מוכרים.

פון 20 טויזנט. האָט דען געקאָנט זיין אַ שטראל פון האָ־פנונג ?

צווישן הונגער, קעלט און שווערער אַרבעט און פאַרשיי־דענע קלעפּ פון אַלע סאָרטן קאַפּאָס איז דער טויט געווען יעדענס ווונטש און דער בעסטער אויסוועג. מיר האָבן מקנא געווען די טויטע, וואָס ליידן מער שוין נישט. אָנפאַנג אַפּ־ריל 1945 האָבן אָנגעהויבן בלאָזן אַנדערע ווינטן. מ'האָט שוין געהערט שיסן, מ'האָט געמערקט אין דער לופט, אַז דער קריג גייט צו ענדע, אונדז האָט דאָס נישט אינטערע־סירט, ווייל מיר זיינען געווען זיכער, אַז מיר וועלן דאָס נישט דערלעבן.

מ'האָט אָנגעהויבן איינטיילן די לעבעדיקע מתים אין דריי קאַטעגאָריעס : שוואַכע, מיטעלע און געזונטע מישטיינס־געזאָגט. דעם 12־טן אַפּריל איז קיינער נישט געגאַנגען צו דער אַרבעט. יעדער האָט געוווּסט, אַז עפּעס קומט דאָ פאָר. מיר זיינען געווען גרייט צו אַלעם.

דאָן קומט אַ מעלדונג : אַז יעדער זאָל זיך שטעלן 8 אַזיי־גער פרי אויף דעם אַפּעל־פּלאַץ מיט זיין קאַץ. 8.30 האָט זיך אָנגעהויבן דער הייליקער אַפּעל. מ'האָט יעדן צוגעטיילט צו זיין קאַטעגאָריע. 12 אַזייגער איז אַוועק די ערשטע גרו־פּע פון 1700 מאַן. דאָס זיינען געווען די שוואַכע. עס איז געווען אַ קלאַנג, אַז דער פראָנט דערנענטערט זיך און דער לאַגער ווערט עוואַקואירט. ווו מיר גייען — האָט קיינער נישט געוווּסט.

נאָך דער באַפרייונג האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז די שוואַ־כע 1700 האָט מען צוגעפירט צום טייך דאָנאַו און זיי אַריינגעוואָרפן לעבעדיקערהייט אין וואַסער אַריין. ביז היינט צו טאָג האָב איך נאָך נישט געטראָפן קיינעם פון דער גרופּע.



האזכרה הראשונה

2 אַזייגער איז אַוועק די צווייטע גרופּע פון אַ 7000 מאַן ; דאָס איז די מיטעלע גרופּע און איך מיט מיין ברודער דוד זיינען אין דער גרופּע. מיר האָבן מאַרשירט צו פוס צום טייך דאָנאַו. דאָרטן האָט מען אונדז פאַרלאָדן אויף שיפע־לעך און מ'ר זיינען געפאָרן ביז דער שטאָט לינץ.

ביים אויסשטייגן פון די שיפעלעך האָט יעדער באַקומען אַ פונט ברויט. די פרייד פון דעם ברויט איז נישט צו שיל־



שארית הפליטה. האזכרה הראשונה בשנת 1947

דערן. אָבער די פרייד איז נישט געווען לאַנג, ווייל מ׳האָט עס באַלד אויפגעגעסן און ווידער געווען הונגעריק.

דאַן האָט זיך אָנגעהויבן דער טויטן־מאַרש. דעם ערשטן טאָג האָבן מיר געמאַכט 30 ק״מ אָן עסן און טרינקען. דאָס ערגסטע איז געווען דאָס מיר האָבן מאַרשירט אויף ברוקירטע וועגן מיט שפּיציקע שטיינער, אָן שיך, כמעט באָרוועס. יעדעס שטיינדל האָט געשניטן אין די פּיאַטעס, פול מיט ברענבלוזן. ביי אונדז האָט עס אויסגעזען, ווי מ׳הייסט אונדז גיין אויף טשוועקעס. עס קאָן זיך קיינער נישט דערטראַכטן צו עפּעס ערגערס, ווי דער דייטש קאָן.

מיר האָבן דורכמאַרשירט שטעט און שטעטלעך. אונדז האָט זיך געדאַכט, אַז יעדער לאַכט אונדז אויס, מ׳באַטראַכט אונדז פאַר איבעריקע באַשעפענישן.

יעדער לעבט, אונדז לאָזט מען נישט שטאַרבן, נאָר מ׳יאָגט אונדז און מ׳שלאָגט אונדז.

מ׳האָט אונדז נישט אויסגעשאָסן, נישט ווייל מ׳האָט אויף אונדז רחמנות געהאַט; נאָר ווייל די מערדער האָבן אונדז באַדאַרפט בכדי צו האַלטן אַ לאַגער, אַז זיי, די גוטע געטרייע דייטשן ימח״ש, זאָלן נישט גיין אויפן פראָנט און דאָרטן אומקומען. פאַר דעם צוועק האָט מען אונדז געמוטשעט.

אויף דעם דריטן טאָג פון דעם טויטן־מאַרש האָט זיך געהערט פון יעדנס מויל: איך גיי נישט ווייטער, זאָל זיין וואָס עס וויל.

ביים אַרויסמאַרשירן אויפן דריטן טאָג האָבן אַ סך נישט געוואָלט און נישט געקענט הערן דעם באַפעל פון גיין. האָבן די ס.ס., אונדזערע באַגלייטער, באַפאַלן זייערע קרבנות, ווי ווילדע חיות מערדערלעך געשלאָגן. „איר פאַולענץ, איר ווילט נישט אַרבעטן, מיר וועלן אייך נישט שיסן, עס איז אַ שאָד די קויל, מיר וועלן אייך טויטשלאָגן מיט דער רייט־בייטש״. און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ געיעג פון ווילדע חיות מיט די רייטבייטשן און יעדער איז אַרויס אין דעם טויטן־מאַרש. אויפן וועג זיינען אַ סך געפאַלן. אַ סך האָבן זיך אַוועקגעזעצט נישט קענענדיק שלעפן די פיס.

אַנשטאָט צו געבן הילף, אַביסל וואַסער, אָדער לאָזן אָפּרוען האָבן אונדזערע באַגלייטער געשאָסן זייערע מילדע קרבנות — דאָס גאַנצע שטעטל האָט זיך רואיק צוגעקוקט און געוויצלט — און דאָס רעשט ווייטער געטריבן אָן עסן און טרינקען. אויפן פערטן טאָג האָט זיך געלאָזט הערן אַ קלאַנג, אַז מיר דאַרפן אַזוי גיין ביז עבענזע. דאָס איז נאָך אַ דריי טאָג צו גיין. מיר האָבן באַקומען אַ פּאָר שטיקלעך צוויבאַק און אַביסל וואַסער. דער פערטער טאָג איז אַדורך מיט ווייניק קרבנות.

דער פינפטער טאָג איז געווען דער שרעקלעכסטער. יעדער צווייטער איז אַוועקגעפאַלן. מ׳האָט נאָר געהערט „וואַסער, וואַסער״. אָבער אַנשטאָט וואַסער האָט יעדער באַקומען מיט דער רייט־בייטש. די געשרייען מיטן געוויין זיינען געווען גוואַלדיק, אָבער קיינער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. דאַן האָבן זיי אָנגעהויבן צו שיסן. ווער עס האָט געקענט, איז אַרויס אין מארש, ווער נישט, איז געבליבן אויפן אָרט. אַזוי זיינען מיר געגאַנגען אין שאָטן פון טויט. נאָך מיטאָג אויפן 5־טן טאָג הערן מיר שפּילן מוזיק. וואָס האָט דאָ פּאַסירט? די 3־טע גרופּע איז געבליבן אין לאַגער מעלק בכדי אַרויסצופירן די איינריכטונגען פון לאַגער. דער הויפּט־תליין איז געבליבן מיט דער 3־טער גרופּע. דערווייל האָט זיך דער פראָנט שטאַרק דערנענטערט צו מעלק. זיינען זיי אַנטלאָפן מיטן הויפּט־תליין אויף טראָקס און דאָס שפּילן איז געווען לכבוד דעם תלין וואָס האָט געקענט אַנטלויפן מיטן לעבן.

דערהערנדיק די בשורה, אַז דער פראָנט רוקט זיך שנעל, האָט זיך יעדער אָנגענומען מיט כוח און אויף דעם זעקסטן טאָג זיינען מיר שוין געווען אין עבענזע.

עבענזע איז באַשאַנקען מיט נאַטור־שיינקייט, געבירג, גוטע לופט, אַ שיינער טייך. ביי אונדז אין די אויגן האָט עבענזע אויסגעזען פאַרשאָלטן פון דער נאַטור. אויפן גאַנצן וועג האָבן מיר געהאַט אַ שיין וועטער, וואַרעם. אין עבענזע איז דאָ שניי אַ גאַנץ יאָר, קאַלט, ווינטן. אַ פאַרשאָלטן אָרט פון דער נאַטור האָט עבענזע אויסגעזען ביי אונדז אין די אויגן.

עס איז געווען אַ באַפעל אויסצוטאָן זיך און גיין צו „ענטלאוזונג״. אַזוי האָט מען אונדז געפירט אין שניי צום ענטלאוזונגס־אַנשטאַלט אין אַ וואַלד אַריין.

נאָך דעם הייסן טוש האָט מען אונדז נאַקעטערהייט געפירט צו אַ באַראַק אין מיטן וואַלד. מ׳האָט אונדז געגעבן אַביסל שוואַרצע קאַווע, 2 פונט ברויט פאַר 12 מאַן און באַשטימט פיר מאַן אויף איין פּריטשע, וואָס גענוגט פאַר איין מענטש, מיט איין קאָץ. אַלע פענצטער אָפן. דער ווינט און דער טייוול האָבן געאַרבעט האַנט ביי האַנט. די ס.ס. זיינען געשטאַנען פון דער ווייטנס און זיך צוגעקוקט, ווי אַזוי מ׳טיילט זיך איין מיטן ברויט. ווער עס איז געווען שטאַרקער, דער האָט געהאַט אַ פּיצל ברויט. דער שוואַכערער האָט מיט דער צונג געקליבן די קרישקעס פון דער ערד. און דאָס איז ביי די דייטשן געווען זייער גרעסטער פאַרגעניגן.

פון איין זייט האָט מיר געהערט און געמערקט, אַז דער פראָנט דערנענטערט זיך, פון דער צווייטער זייט האָבן מיר

נישט געזען קיין שום שאַנס צום איבערלעבן. דער הונגער איז געווען אַזוי גרויס, אַז מ׳האָט איין נאַכט אויסגעשניטן דאָס דיקע פלייש פון אַ טויטן און עס אויפגעגעסן. איך האָב דאָס אַליין געזען מיט מיינע אויגן.

אינדערפרי האָבן די דייטשן דאָס געזען. זאָלט איר זיך שוין נישט פרעגן, וואָס פאַראַ הומאַניטאַרע מענטשן דאָס זיינען. זיי זיינען אַרויסגעקומען מיט זייער שפּראַך „איר פאַרפלוכטע הינט, איר האָט נאָך ווייניק עסן״? דער גאַנצער לאַגער איז געגאַנגען אויף רעדער. מ׳האָט גערופן צו אַן אַפּעל אין דעם וואַלד, דער שניי אויף דער ערד. אַזוי זיינען מיר געשטאַנען דריי שעה און מ׳האָט אונדז געגעבן אַ לעקציע פון הומאַניטאַריזם, אויפן דייטשן שטייגער, און „ווען דאָס פּאַסירט נאָך איין מאָל, ווערט דער גאַנצער לאַגער ליקווידירט״. נאָך דעם אַפּעל זיינען מיר צוריק אַריין אין די באַראַקן. וויפל טויטע עס זיינען געווען נאָך דעם אַפּעל — ווייס איך נישט.

ביסלעכווייז האָט מען אונדז איינגעטיילט צו דער אַרבעט. דער, וואָס איז געוואָרן צוגעטיילט צו דער אַרבעט, איז געווען גליקלעך, ווייל ער האָט באַקומען אַ פּאָר שיך, הויזן און אַ זשאַקעט. און ביי דער אַרבעט האָט מען מאַנכעס מאָל געקענט עפּעס עסן. מ׳האָט באַמבאַרדירט די סטאַציעס, האָט מען אונדז גענומען צום אויפראַמען די חורבות. צווישן די רימאַוויסקעס האָט מען געקאָנט געפינען אַ טויטע קאַץ, אַ הונט. שטעלט אייך פאָר!

די אַרבעט איז געווען שווער פאַר איין געזונטן און זאַטן, נישט פאַר אונדז מתים. די נאַרמאַלע פאַרפּלעגונג איז געווען אַ טאַסע קאַפע... אַ האַלבע קוואָרט שמוציק וואַסער, גערופן זופּע, און אַ שטיקל פאַרשימלט ברויט פון אַ האַלב פונט. מענטשן זיינען געפאַלן ווי די פליגן אין קאַלטן וועטער. מ׳האָט נישט געקענט הערן פון קיינעם קיין וואָרט פון האָפנונג. מיר האָבן געוווּסט: דער קריג גייט צו ענדע, אָבער מיר וועלן נאָך פריער צום גרונט גיין. דער איינציקער ווונטש, וואָס מיר אַלע האָבן געהאַט, איז געווען, אַז מיר זאָלן קומען צו קבר ישראל.

דעם ערשטן מאַי האָבן מיר געהערט מורמלען, אַז היטלער ימח שמו איז טויט.

זונטיק ביינאַכט איז די נאַכט־שיכטע נישט געגאַנגען צו דער אַרבעט. מיר האָבן געוואַרט אויף עפּעס גוטס. אָבער יעדער האָט געציטערט פאַר דער לעצטער מינוט. מאָנטיק, דעם 3־טן מאַי, איז נישט געווען קיין אַפּעל. דאָס האָט נאָך נישט פּאַסירט ביז היינט. מיר האָבן געהאַט צייט, איז יעדער געוואָרן אַ נביא און געוואָלט פאַרויסזאָגן, וואָס עס וועט פאַרקומען. מיר האָבן געקאַנט גוט דעם דייטש און מיר האָבן געוווּסט, אַז קיין פרייע מענטשן זיינען מיר נאָך נישט.

דינסטיק דעם דריטן מאַי האָט מען אונדז געלאָזט וויסן דורך דעם מיקראָפאָן, אַז 8 אַזייגער פרי וועט זיין אַן אַפּעל. אַ ציטער איז יעדן באַפאַלן. אָבער וואָס קאָן מען טאָן? מיר זיינען נאָך ביים מערדער אין האַנט.

נאָך 2 שעה שטיין אויף דעם אַפּעל־פּלאַץ מיט טויט־שרעק, מיטן פולן באַוווּסטזיין, וואָס עס קאָן מיט אונדז פּאַסירן די לעצטע מינוט — יעדע מינוט האָט זיך געצויגן ווי טעג — האָט זיך דערהערט אַ באַפעל, אַז אַלע קאַפּאָס און בלאָק־עלטעסטע זאָלן זיך פאַרזאַמלען אויף איין פּלאַץ. דער לאַגער־פירער וויל ריידן צו זיי.

נאָך אַ שטיקל צייט, ווי די קאַפּאָס און בלאָק־עלטעסטע האָבן זיך פאַרזאַמלט, האָבן מיר געהערט אויסגעשרייען: „ניין, ניין״. מיר האָבן נישט געוווּסט, וואָס דאָס איז, אָבער מיר האָבן נישט געקאָנט גלויבן אונדזערע אייגענע אויערן. די בלאָק־עלטסטע מיט די קאַפּאָס זיינען צוריקגעקומען, יעדער צו זיין גרופּע, און איבערגעגעבן דעם לאַגער דעם פירערס רעדע, אויף וועלכער זיי האָבן צום ערשטן מאָל געקאָנט זאָגן „ניין״. בכן דער קריג איז צו ענדע היינט מאָרגן, די אַמעריקאַנער וועלן דאָ אַריינקומען. נאָר דער לאַגער קאָן נאָך ווערן באַמבאַרדירט, ראָט ער אונדז צו גיין אין די לופטשוץ־קעלערן, בכדי צו קאָנען בלייבן לעבן, אויף דעם האָבן זיי געענטפערט ניין.

נאָך דער באַפרייונג האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז געווען אַ ספּעקטאַקל, כדי צו קאָנען אַלע קרבנות אומברענגען. כדי עס זאָל נישט זיין קיין עדות וועגן דעם דייטשן גרויזאַמען פאַרברעכן.

דאָס איז געוואָרן אונטערזוכט דורך דער אַמעריקאַנער אַרמיי און באַשטעטיקט, אַז די לופטשוץ־קעלערן זיינען געווען מיט דינאַמיט אונטערמינירט און אַזוי ווי מיר וואָלטן אַריין אין די לופטשוץ־קעלערן, וואָלטן זיי דאָרט אויפגעריסן.

דער 6־טן מאַי 11 אַזייגער פרי האָבן מיר דערזען דעם ערשטן אַמעריקאַנער זעלנער.

אָבער נישט אַלע לעבנגעבליבענע לעבן. ווייל אין די הונדערטער זיינען זיי געשטאָרבן נאָך דער באַפרייונג.

# כרוניקה של המנזר ברוזוואדוב מ־1.9.39—8.8.42

האב גרארד ריש Gerard Rysz (האב הראשי)

1 בספטמבר, יום ששי 1939. בעירייה הוציאו אישור על הסוסים והעגלה שנלקחו אתמול בסך של 1,350 זהובים. הסוסים — בעד כל אחד 500 זהובים. העגלה — 200, הרי־תמה — 150.

2 בספטמבר, נמשך גיוס הסוסים. בצהריים שמועות על הפצצת תחנת הרכבת בטארנובזג. ברוזוואדוב האזעקה הרא־שונה. בלילה אזעקה מחודשת ומייד יריות מדרום למנזר, במקום שנראו שני מטוסים. לא עובר זמן רב ושניהם הופלו ע״י יריות. הדבר מעורר התלהבות בקרב הצופים, אולם המטוסים מתרוממים וטסים מעבר לסאן. הוכח שאלה הם מטוסים פולניים אולם חשודים, כי המריאו בלי שניתן להם היתר לכך. הפצצת סאנדומיז׳.

3 בספטמבר יום א׳ יפה להפליא. האזעקה הראשונה כבר בשעה 6, אולם בוטלה כעבור זמן קצר. האב גרארד הודיע אחרי המיסה על תפילת ערבית למען הניצחון, הזהיר נגד הזלזול באזעקות. בשעה 17.00 אזעקה מחודשת, יריות, המ־טוס ממש מעל למנזר.

ב־4 בספטמבר עוד אזעקות, ב־6.40 ; ב־9.30, 11.00, 12.30, 14.00.

בסביבות 10 שתי פצצות נפלו בתחנת הרכבת המסחרית. אחת לא התפוצצה ושנייה הפילה כביכול שני קרונות והש־חיתה שלושה אחרים. במנזר משוכנעים שאין זו הלצה, אנו קובעים מקלט במרתף שמצד החצר. האבות אירנאוש וביי־חוד הנריק נמצאים כל הזמן ברחוב ומכוונים את ההגנה האנטי־אווירית, ומדריכים את העוברים ושבים אל המקלט, אשר מתחת לדירתו של הכומר (במנזר). כל העת אזעקות יריות לעבר המטוסים בין רוזוואדוב וסטאלובא וולא. בס־ביבות שעה 17.00 מופיע מטוס אשר לפי השמועה הופל ליד גנו של הנסיך. בערב הביאו רסיס מפצצה שהוטלה על תחנת הרכבת המסחרית, הוא עובר מיד אל יד ומעורר זוועה.

5 בספטמבר. אזעקה בשעה 6, ומטוס־סיור מעל לסטא־לובא וולא. ב־9 מעל פלאווה. אזעקה בשעה 13.00. המטוס הקיף את המנזר ונעלם. בשעה 15.00 אזעקה והפצצה משול־שת של סטאלובא וולא כל פעם בשלושה אווירונים. התק־פות רבות. כל פעם מופיעים פליטים רבים יותר וזורים בהלה. ב־6 בספטמבר הצבא מתקן את מסילת הברזל. התנועה בלילה עירנית.

ב־7 בספטמבר 19 אווירונים התקיפו אחרי שעה 16.00 את תחנת הרכבת. גיהנום ממש. דלקות, שני הרוגים, 2 פצועים. האבות הנריק ואינוקנטי חובשים את הפצועים.

8 בספטמבר. פליטים רבים. מכבדים אותם בתה, כי קשה להשיג דבר אחר. שולחים ארוחות צהרים לראש העיר, למ־פקד העיר ולאחרים. בפני הפליטים פותחים את כל המנזר. על מסילת הברזל נפלה פצצה והרגה כמה אנשים.

10 בספטמבר, תנועת הרכבות נפסקה לחלוטין.

11 בספטמבר, מספרים שבתחנת הרכבת ניספו 17 איש מכדורי מכונת יריה שבאווירון.

11 בספטמבר, למנזר מגיע במצב עלוב, יחף עם מקל בידו, פרופסור של האוניברסיטה יאגיאלונית שבקראקוב, סטאניסלאב פיגון עם בנו אנדרי. בשביל הפליטים ובשביל חיילים שחטו שלושה חזירים. מעשי ביזה.

ב־14 בספטמבר הצבא יוצא את רוזוואדוב. בעיר הופיעו חילות הסיור הגרמניים הראשונים. הם התמקמו בכיכר השוק והודיעו שעומדים להנהיג סדר. הדי־התפוצציות, פירוק החיילים הפולניים שנקרו בדרך, מנשקם. במנזר מתחבאים יותר ויותר משפחות עם רכושם. כך מצאנו את עצמנו בשבי.

15 בספטמבר. יריות תותחים. מיד מתחילים לזרום אל המנזר המוני אנשים שונים מן העיר, שממלאים את כל הפי־נות והמזדרונות, עד שקשה לעשות צעד. חילופי היריות פוסקים. הפליטים חוזרים לבתיהם. מן העיר מגיעות שמועות שנפתחו חנויות של יהודים ושל קאתולים והגרמנים מעמי־סים סחורה על מכוניות ומסתלקים אתה. את השאר הרשו לקחת לאוכלוסיה, וזו עטה בלהיטות על ההזדמנות.

ב־16 בספטמבר. הגרמנים מחרימים בתוך המנזר. האוכ־לוסים מצפים לקרב וזורמים למנזר, כדי להעביר בו את הלילה. „אל החומות החזקות, שרבים זוכרים אותן ממלחמת העולם הראשונה״.

16 בספטמבר, בעיר שוב פתחו חנויות והרשו לחטוף מן היהודים כל מה שאפשר. על כן ניצלו את ההזדמנות אנשים השואפים להתעשר בקלות. בערב הפעילו את תחנת החשמל שהייתה משותקת עד כה. מספרים שבעיר תנועה גדולה.

ב־17 בספטמבר עוברים במקום טאנקים ענקיים. בבוקר כתבתי בקשה ללחם שהמחסור בו גדול, מן המאפייה שנש־ארה ברשות הצבא הביאו 2 כיכרות לחם והבטיחו לתת כל יום כמות כזאת. קשה מאד עם הסיגריות, על כן כולם מחפ־שים אותן.

ב־18 בספטמבר בסביבות השעה 9 יצאתי לכיכר השוק, בפעם הראשונה מאז תחילת המלחמה. בכל מקום מראות עלובים. החנויות הרוסות, הבריחים מעוקמים והשלטים תלו־שים. אנשים רבים מתבוננים בחורבן ומפרשים את המאור־עות. בבית הספר התמקם בית חולים צבאי. נערים השליכו רימון אל מטבח השדה ופצעו חיל גרמני. על מעשה זה נקרא הכומר הראשי לחקירה ואיימו עליו במעשי תגמול. ידיעות ברורות על כך — אין.

ב־19 בספטמבר הוציא נשיא הרפובליקה כרוז אל האומה בעיר ציוו לעשות סדר: יש למלא את הבורות שנוצרו מן הפצצות, לסלק את האשפה, אסור להתאסף ברחובות. את הכומר הראשי הביאו במכונית אל מושב המפקדה הזמנית שבארמון שבכאז׳ביצקא, העמידו אותו מול מכונת יריה, ודרשו ממנו שישפיע על צאן מרעיתו שישמרו על השקט. פרופסור פיגון חוזר לקראקא ברגל.

ב־20 בספטמבר הדביקו כרזות שכל מעשה שוד ייענש ע״י בית דין צבאי. יש לכסות את כל הבורות מפצצות ומ־רימונים ולסלק את האשפה מרחובות ומכיכרות. גברים בגיל 16—45 חייבים להתייצב להרשמה. ברחובות אסור להתאסף ואחרי השעה 19 אסור בכלל להיראות ברחוב. אם מישהו יירה אל חיילים גרמניים מן המארב, יילקחו בני ערובה ועל כל חייל גרמני שייהרג ייהרגו שלושה פולנים. על החתום ראש העיר ליאון דומברובסקי והמפקד הגרמני נאגל.

מחר עומדים להפעיל את הרכבת. מדברים גם על התחלת עבודה בסטאלובא וולא.

21 בספטמבר בית־החולים הצבאי (גרמני) יצא את רוז־וואדוב — מספרים שלעבר הגבול הסלובאקי. נשארו רק כ־6 חיילים גרמניים בארמון שבכאז׳ביצה. הדרכים משובשות מאד, הרכבת משותקת כי יש להם רק קטר אחד.

ב־22 בספטמבר, בסביבות השעה 9 הופיע סרן נאגל, המפקד הארעי, וביקש להזהיר מדוכן המטיפים את האוכ־לוסיה שתשקיע את עצמה בעבודה רגילה וכן שאל איזו תע־סוקה אפשר לתת לצעירים השורכים רגליהם ברחוב ויורים מדי לילה. הישבתי שכבר דיברתי על כך מעל דוכן המטי־פים, ביום ראשון שעבר וכי אפשר לחזור על כך ביום ראשון הבא ומה שנוגע לנוער — הרי היורים הם בעיקר נערים צעירים לגמרי, אשר אינם נותנים לעצמם דין וחשבון על מעשיהם ועושים מה שעושים מתוך אהבת שעשועים.

ב־23 בספטמבר, כולם מוציאים מן האדמה את תפוחי האדמה שעוד נשארו. את מחירם קבעו השלטונות. 6 זהובים ל־100 ק״ג, אבל להשיגם קשה.

26 בספטמבר, המסחר בעיר קטן מאוד שכן אי אפשר להשיג דבר. קשה יותר ויותר להשיג מצרכים והמחסור גדל.

ב־28 בספטמבר הגיעו למנזר 200 חיילים — להשתכן בו. במנזר בכל מקום צבא — הסדר למופת — הם מתכוננים להי־שאר כאן למשך ימים אחדים. אלה הם אנשים צעירים, רובם משכילים, שהגיעו ישר משדה הקרב.

30 בספטמבר, מבחוץ אנו מתפעלים מן הסדר הגרמני המתגלה על כל צעד ושעל ומן המשמעת הצבאית מלווה לבביות מסוימת וחסרת מחיצות מצד המפקדים.

1 באוקטובר, בחצר הילולה של גרמנים לכבוד כיבוש וארשא.

2 באוקטובר, אחרי 8 בבוקר הלכתי אל האופה כדי לסדר את החשבון. הבחנתי בכיכר השוק, ליד בית העירייה בק־בוצות יהודים עם מטלטלים שעמדו צפופים — חבורה גדו־לה. אחד תת־קצין, בראותו אותי מישיר במדרכה, רצה לכוונני אל קבוצת היהודים. רק לאחר שאני וכמה מן הנו־כחים במקום חזרו ואמרו לו שאיני יהודי, אלא נזיר — הש־תכנע, אולם עוד המשיך וחזר במשך זמן מה „למה איפוא, יש לו זקן״. סידרתי את ענייני ובחוזרי הייתה כבר כיכר השוק ריקה וחיילים האיצו כבר רק בבודדים, ביניהם ברק רייך עם אשתו, לכיוון הרחוב המוביל אל הסאן. נשמע גם בכי וגם איומים, דבר לא עזר, היהודים יצאו את רוז־וואדוב!

מהלכות שמועות שעומדים לגייס אנשים צעירים לחפירת תעלות־הגנה (למקרה של מלחמה עם סובייטים). הרכבות אינן לוקחות אזרחים, רק צבא.

4 באוקטובר, מספרים שפירסמו את הצווים של ראש המ־חוז טארנובז׳ג ד״ר אקרט, שיש למסור בעירייה את כל מק־לטי הראדיו; את בתי היהודים עומדים להעביר לרשות העירייה וזו תוציאם למכירה, בזול. שוב נוסעות הרכבות לקראקא.

5 באוקטובר, תנועת הרכבות נעצרה, אתמול יצאה רק רכבת לפשברוסק. הוצאה גם פקודה חדשה שאנשים אשר לקחו משהו מרכוש היהודים חייבים להחזירו, שאם לא כן ייענשו בצורה חמורה. על כל מעשה ביזה של חנויות צפויים גם כן עונשים.

6 באוקטובר, החיילים הגרמניים עוזבים את המקום ובאים האוסטרים.

7 באוקטובר, את מקלטי הראדיו שלחנו לעירייה. נתנו אישור. עומדים לנשל את המנזר ממזון ומחומרי הסקה. מספרים שרצו לגרש את הנזירים ואת המנזר להפוך למחס־נים, אבל בזכות התערבותם של ראש העיר ושל האב הראשי ויתרו על כך. בעיר ירו באיכר וכמה נשים נאסרו על מעשה ביזה.

8 באוקטובר, אחר הצהריים רשמו את יושבי המנזר. 5 כהנים, 4 אחים ושלושה משרתים.

10 באוקטובר, באולם האוכל של המנזר — מחסן צבאי.

15 באוקטובר, היהודים ירו כביכול מעליית הגג שבכיכר השוק אל עבר חייל וכתוצאה מכך הוחל במצודים על יהודים בעליות הגג, בין רחוב קושצ׳לנא ופולנא, מישהו נורה והגו־פה היתה מוטלת הרבה זמן על המדרכה. אל העירייה הובילו 9 יהודים עם ידיים מורמות למעלה. מספרים שהרבה יהו־דים מתחבאים בעליות־גג, או שיוצאים למשך היום אל הכ־פרים הסמוכים ובלילה חוזרים.

17 באוקטובר, הייתי רגע בכיכר השוק, אבל מיד נסוגותי כי היו שם המוני מכוניות שהעמיסו עליהם את נכסי היהו־דים המגורשים ומסביב עמדו סקרנים ובהו.

בראדומישל אין צבא. עד כה היו שם יהודים מטארנובז׳ג אבל כבר התקדמו הלאה. בגוז׳יצה הופיעו שודדים ועוסקים במעשי ביזה. נתבררה פרשת חילופי היריות של יום א׳, נהרג איכר, אשר הוביל בעגלה יהודי־קומוניסט, שמואל הספר. הלה התחיל כביכול לירות לעבר הגרמנים ודבר זה הבהיל את העגלון שהתחיל לברוח ותוך כדי מנוסתו, נורה בכיכר השוק. מספרים שאת היהודי תפסו וידונו אותו יחד עם האחרים.

18 באוקטובר, חיפושים אחר נשק וחפצים גנובים.

19 באוקטובר, המשרת לאדיגא קנה מן הצבא סוסים ועגלה, רכושם לשעבר של יהודים. ראש העיר דומברובסקי ליאון, ששימש עד כה במשרה זו נאסר עם כל משפחתו באשמת מעילות. במקומו מונה ה׳ קונצ׳ני.

20 באוקטובר. נתברר שהעגלה והסוסים לא היו משל יהודים אלא משל האיכר אשר נהרג. אשתו באה לתבוע את הסוסים והעגלה.

26 באוקטובר, הכומר קורדיל מיאסטקוביצה מספר ששם הולכים ומתפשטים מעשי בריונות, בייחוד ביחס ליהודים אשר שולחו משם, האיכרים גם כורתים יערות.

13 בנובמבר, ליד הקופה של תחנת הרכבת נתפסו כמה יהודים שעונו אח״כ בצורות שונות, במשך יום תמים והיה שמח.

14 בנובמבר, ממשיכים בציד היהודים.

20 בנובמבר, בפישניצא ייסדו בית חולים בשביל יהודים שגורשו, ביניהם יש כמה רופאים ידועי שם מווינא ומאוסט־ריה כולה.

5 בדצמבר, היה הכומר קורדיל מיאסטקוביצה. סיפר שב־זאז׳צה בונים צריפים בשביל יהודים.

**שנת 1940**

4 במאי, בעירייה צרות, כי כל הזמן חוזרים יהודים והרי דירותיהם נמסרו לפולנים.

13 במאי, נראה שבשביל היהודים עומדים להקצות ברוז־וואדוב מקום מבודד, ברחוב קושצ׳ושקו.

18 במאי. האב קאסיאן וולאק נאסר בדרכו לבית הספר. הוא עצור בבית הסוהר שבטארנוב.

28 במאי. האב קאסיאן שולח לאושוויץ.

14 באוגוסט. הוכרז ברוזוואדוב שב־20 לחודש על היהו־דים בגיל 12—60 להתייצב לעבודה. מראדומישל ומפישניצא לקחו אותם בלילה.

21 בספטמבר. בעיר הופיעו כרזות של נציב השלטון האזורי שאסור להכניס עוד יהודים לרוזוואדוב (עתה נמצאים בה 400 איש).

ב־5 באוקטובר יצאה פקודה שעד 20 לחודש זה, על כל היהודים לנטוש את רוזוואדוב. אם יעשו זאת מרצונם יוכלו לקחת אתם רכוש, אם לא — יגורשו בחוסר כל.

7 באוקטובר. הגיעה לרוזוואדוב משטרת הבטחון כנראה 9 אנשים במספר — טוענים שישגיחו על הוצאת היהודים.

**שנת 1941**

8 ביולי. אחר שעה 21 רותמים הגרמנים סוסים בחצר, ומת־כוננים ליציאה. אחד החיילים מוביל אותי לחדר האוכל במנזר, מצביע על הציור שעל הקיר המתאר חייל גרמני ועל ברכיו אשה ערומה וגם אלה שמסביב, אף הם עם נשים — הוא שואל מי צייר זאת ומתי ? אני מסביר שעשו זאת חיילים בחורף שעבר. זה מזעזע אותו והוא מצהיר שאין זה אלא מעשה נבלה. קשקוש כזה אינו מתאים אפילו לקסרק־טין, מה עוד למנזר. השבתי לו שאין באפשרתנו לעשות דבר נגד זה אבל בזה הם מפגינים את התרבות, שלדבריהם, הם נושאיה. היה זה אדם צעיר מוצאו משוואביה כפי שהצהיר, יש גם גרמנים בעלי תרבות.

**שנת 1942**

11 במארס. מספרים שבמילץ הוצאו להורג כמה מאות יהו־דים בעוון קומוניזם.

12 במארס בלילה הדי התפוצציות העירו אנשים אחדים משנתם ; בבוקר נודע לנו שבתחנת הרכבת בער איזה מחסן סחורות ושמנים, וזה התפוצץ רק, ידיעות ברורות יותר אין.

14 במארס. בקשר לדליקה בתחנת הרכבת נעצרו בתור בני ערובה הקאפוצ׳ינים. האבות הנריק, וינצנטי, אינוצנטי, ובנאוונטורה, וכן האחים קונראד ופאוול, שני יהודים ורבים מאזרחי רוזוואדוב.

26 באפריל. מדברים משהו על שילוחם הקרוב של יהודים מרוזוואדוב.

20 ביולי. „היום עוזבים היהודים את רוז־וואדוב מי שיעז לגנוב או לבוז את הרכוש היהודי יירה. ראש העיר" — מודעות כאלה הופיעו על חומות הבתים. מספרים שהרבה יהודים נמלטו; אחדים נורו.

24 ביולי. מספרים שתפסו את האשם בדליקה שבתחנת הרכבת ברוזוואדוב. על כן עומדים לשחרר את אנשינו שנל־קחו כבני ערובה (? !).

8 באוגוסט — בני הערובה שלנו חזרו מטארנוב.

מתוך הארכיון של הפרובינציה אבות קאפוצינים שבקראקוב. התעודה נשלחה לרשותנו ע"י המנהל של המנזר ברוזוואדוב.

# הייתי רוצה להאמין באדם*

ד"ר יוסף נובר

אני מאמין בחיה ולא עוד באדם. אחרי מיידאנק וטרבלינקא ושיירות גוויות חיות שמילאו את כבישי פולין, איני מאמין עוד באדם. אחרי תאי הגאזים בהם נחנקו יצורי אנוש. השמעת — יצורי אנוש חיים, כשהגיעו לאזני למרחוק סיוטי־גוויות חרוכות, חדלתי להאמין באדם. אחרי דאכאו ואוש־וויץ, שם קרעו תינוקות לגזרים והקלגסים עשו קברים חיים מגופות אדם, איני מאמין עוד באדם.



קוראים עיתון. פרימייט מוהר (מימין) ואסתר וועסטרייך יהא זכרן ברוך

תאמר, מוח אנוש ניצח את הטבע המיסטי, בודד אטומים, יצר קידמה ותרבות, אמנים יוצרים את היופי, הוגי־דעות — נסים, שעצומות הן יצירות אמנות, והרבה כל כך רעיונות נשגבים.

אין בכך כלום. האם יש בזה כדי לפצות על העקידה הק־דושה של גופות אחים, על תאי גאזים ומעשי זוועה ?

מי ישכנע אותי שרעיונות־פז של קאנט, תמונות רפאל, תלשו את האדם מסבכי הג'ונגל ? מי ישכנע אותי שקיימים אוצרות תרבות שכדאי להתפאר בהם, נוכח דמעות וכאב אמהות שתלשו ילדיהן מזרועותיהן ?

בזמן המלחמה משהו נקרע בקרבי, משהו נאנק, בוכה מתלונן. הרי כה קרוב הייתי לאנשים, כל כך רציתי להאמין באדם.

---

* תוכן השיר שנכתב בפולנית והודפס בעתון פולני המופיע בלונדון Robotnik-Workman.

# TAK CHIAŁBYM WIERZYC W CZŁOWIEKA

Dr. Józef Nower

Wierzę
W zwierzę
A nie wierzę już w człowieka.
Po Majdanku i Treblince
I karawanach żywych trupów
Co wypelniały polskie gościńce.
Nie wierzę już w człowieka.
Po gazowych komorach
Co dusiły ludzkie stworzenia...
Słyszysz — żywe, ludzkie stworzenia,
Gdy dochodził mnie zdaleka
Koszmar dymu z ciał palonych,
Przestałem wierzyć w człowieka.
Po Dachau i Oświęcimiu
Gdzie niemowlęta targano w strzępy
I niemieckie żłoby
Z ludzkich ciał tworzyły żywe groby,
Nie wierzę już w człowieka.

Powiesz, że umysł ludzki
Zwalczył mistyczną naturę,
Rozbił atomy
I stworzył postęp i kulturę,
Że artyści tworzą piękno,
A cuda myśliciele,
Że dzieła sztuki potężne
I wzniosłych idei tak wiele.

Nic to.
Czyż to wszystko nagrodzi
Ten święty stos ofiarny
Z bratnich ciał co ginęli,
Krematoria, tortury i gazy?




לוח ההנצחה במרתף השואה

Któż mnie przekona,
Że złote myśli Kanta lub Rafaela obrazy
Wyrwały z dżungli człowieka?..
Któż mnie przekona,
Że istnieją skarby kultury
Którymi się szczycić warto,
Wobec łez i bólu matek
Którym dzieci brutalnie
Z objęć wydarto?..

Coś podczas wojny się we mnie urwało,
Coś jęczy, płacze, narzeka;
Przecież tak chętnie lgnąłem do ludzi,
Tak Cheiałem wierzyć w człowieka.

# איך וואלט גערן געוואלט גלויבן אין מענטש...

ד ר. י. נ אַ ו ו ע ר

אַ מוראדיקע אימה,
צו גלויבן אַ חיה, אַ בהמה,
און נישט קיין מענטש.
נאָך מיידאנעק און טרעבלינקע,
ווען לעבעדיקע מתים, ווי שטויבן,
האָבן זיך געוואָלגערט אויף שטעגן און וועגן,
קען איך שוין מער נישט אינעם מענטש גלויבן.
נאָך די גיפטיקע גאַז־קאַמערן,
וואָס האָבן מענטשלעכע נפשות דערשטיקט,
הערסט ? : — לעבדיקן מענטשלעכן באשאף . . .
ווען צו מיר איז פון ווייט דערגאַנגען,
רויך־קאַשמאר, פון ברענענדיקע לייבער,
האָב איך אויפגעהערט צו זיין אינעם מענטש אַ גלויבער.

נאָך די מאָרד־לאַגערן : אוישוויץ, דאכאו,
ווו מ׳האָט זויג־קינדער צעפליקט, ווי צויטן
און דייטשע אכזרים,
האָבן פאַרטראַכט „וויסנשאפטלעכע״ טויטן . . .
פון מענטשלעכע גופים געשאפן לעבעדיקע קברים . . .
דאָס האָט מיין גלויבן אינעם מענטש צעשטערט.

ועסט זאָגן : — מענטשלעכער געדאַנק,
האָט באַזיגט די מיסטישע נאַטור,
צעשפּאָלטן דעם אַטאָם,
פאַראויס געשטויסן די קולטור,
אַז קינסטלערישע שיינקייט איז מעכטיק,
אַז פיל יידן נייע זענען דערהויבן . . .
ביטער איז די וואָר,
אַז דאָס איז די טיראַניי, פון הייַנטצייטיקן סדום,
וואָס האָט אין מענטש צעשטויבט מיין גלויבן.
ווער קען דען אויסצאָרענען דעם גרויסן צאָרן,
נאָך אַזויפיל געהייליקטע קרבנות מיליאָנען,
פון לייבלעכע ברידער, וואָס זענען געפאַלן,
דורך גאַז און קרעמאַטאָריע מאַרטורן . . .

ווער . . ? ווער וועט מיר באַווייזן ?
אַז ראַפאַעלס בילדער,
אָדער די מחשבות פון קאַנטן,
האָבן דעם מענטש געמאַכט מילדער
און פון דזשונגל ארויסגעצויגן.

ווער . . ? ווער וועט מיר באַווייזן,
אַז מ׳ט אַזאַ קולטור,
קען מען זיך גרויסן אָדער ערן . . .
ווער קען פאַרגלייכן מאַמעדיקע פיין,
פון וועלכע מען האָט קינדער —
ברוטאַל פון זייערע אָרעמס געריסן
און דאָס געוויין אָן טרערן . . .

עפּעס האָט דער קריג אין מיר אויפגעריסן,
וואָס יאָמערט אומאויפהערלעך און פאַרטויבט,
ווי גערן איך האָב זיך צו מענטשן געטוליעט,
אַזוי שטאַרק אָין מענטש געגלויבט !

(פון פויליש: אַ. י אַ א כ י מ אָ ו ו י ט ש)



״איך וואָלט געוואָלט גלויבן אין אַ מענש״
וועט נאָך זיין אַ וועלט ווי ס׳איז געווען ?
קלערט אסתר ווּעסטרייך

# צער ישראל

מאיר מוהר

[א]

על פני שדות עזובים, עצובים אי־שם בגבולות פולין ואוק־ריינה, רץ ילד. ערב קודר, כבד־אימים ושבע בלהות, רובץ על השדות, יורד על ההרים מסביב, נח על היערות, השופ־עים קדרות, חשכה וחרדות, ואולי כל זה לא נכון: נאה הגוף גם בערב סתיו זה, נאה אף נעים ליושבי הבתים הק־טנים המפוזרים פה ושם בסביבה הנכרית, אלה הגויים הב־ריאים והרעננים, המעורים בנוף זה, ולהם הוא מגלה פנים אחרות, להם הוא מנעים את ישיבתם הבטוחה בצל קורתם. ואולם לילד הרץ כאן נורא הנוף, נורא ההר ונוראים יערות האופל שבאופק, מפיקים אימה וזוועה, מפיצים פחד ובהלה. הילד רץ בלי נשימה בלי הכרה, ואתם אל תשאלוני למראה פניו, ואל נא תחקרו מפי מה שאירע להורי הילד הזה, ואל נא תבקשו לדעת עברו ועתידו — שאלות אלו גחלי רתמים הן לפי עטי, נפשו סולדת מהן ודעתו מסרבת לדעתן. איך אני נוגע בכגון אלה — אני רק רואה את הילד הרץ בלי נשימה, בלי הכרה, ואולי אין זה ילד חי כלל, אולי מת הילד הזה זה כבר ורק הפחד שבו חי עדיין, הפחד שבו הוא הרץ כאן על פני השדות, רץ ללא כל כוונה להמלט, ללא כל שאיפה להנצל. על כן אין זה יצור חי כלל כי אם פחד, פחד, פחד חי, שלבש את נושאו משכבר הימים, והוא הרץ בזה על פני השדות בגבולות פולין ואוקריינה? ואולי אין זה ילד כלל, אין זה פחד כלל, כי אם צער ישראל הוא זה, הבא הנה להש־תטח על קברות חלליו, חללי אין קץ, שהפילה יד עשו הגרמני? צער ישראל הוא זה, שבא הנה מפקידה לפקידה לפקוד את בניו, את מחמלי נפשו, והוא המתרוצץ כאן ונחנק כאן ונאנק כאן בגבולות פולין ואוקריינה, ומתרפק ברחמים על קדושיו וטהוריו כי אינם.




**האזכרה בתל אביב במלאות 14 שנה לחורבן רוזוואדוב**

(מימין לשמאל): יעקב וסטרייך, יצחק אבנון, מאיר מוהר, יצחק שרייבר, י. מ. קנר, בעזשע אברהם, שרגא לומפ, דב בר רייך, יעקב גולדמן

[ב]

**אל מלא רחמים**

אל מלא רחמים, שוכן מרומים, המצא מנוחה לא לבנים שנפלו, לא לחללי השואה, וקרבנות הרציחה האנושית, הללו כבר באו אל המנוחה ואל הנחלה, בחזקת יד הזדון של או־מות העולם, בתוקף רשעתם של גויים. הללו כבר חוסים בצל השקט הנצחי, בחיק השלוה העולמית ואין כל צורך, אלהים שתמציא מנוחה למו. בחביון הדממה השלמה נחים שאננות וקול נוגש לא יגיע עדיהם עוד. כי אפילו גרמני אין בכוחו לרצוח נפש אדם פעמים. ינוחו בשלום על משכ־בותם ואל נא נטריד זכרם היקר ברגשי רחמינו הדלים והר־פים. בתפילתנו הדוויה וההומיה, שאין הם זקוקים לה עוד.

המצא מנוחה לנו ההורים השכולים, לנו, היתומים והקרובים של החללים, שנשארו עוד עם עול החיים, הריקים מאוהבינו וזכר היקרים שהוא בלבנו כאש בוערת, כברזל מלובן. לנו, לנו, אל מלא רחמים המצא מנוחה נכונה, והדרש לנו בלילות המיצר והמחנק, בלילות הנדודים, עת יכרע לבנו תחת נטל הצער והיסורים, עת יעמוד האסון בגרוננו כחרב חדה בלוע הנעקד, חמול ופרוש עלינו כנפיך הנדיבות, המצא לנו רווחה מדומה, נחמה פורתא, ורפאות כל שהיא, הפל עלינו תרדמה מהרה, למען נשכח שברנו ואידנו למשך שעות מספר, שלח לנו מלאך השנה והחלום וירגיענו בסתר כנפיו וינתק עול המציאות מפני רוך חזיון לילה. והצער הבוער ירדם בצל השכחה המשחררת.

יהי נא רצון זה לפניך, אל מלא רחמים.

לזכר אהוב־נפשנו אברהם הי״ד.



״אל מלא רחמים״ אזכרה ביום השנה ה־14 לחורבן רוזוואדוב

# רוזוואדוב עירי זכרונה לברכה

מאיר מוהר

יִתְגַדַּל וְיִתְקַדַּשׁ שְׁמֵהּ רַבָּא
יְיֵלִיל בַּלַּיְלָה הָרוּחַ בַּעְיָם
כִּי אֵין עוֹד אִמָּא וְאֵין אַבָּא
וְעִירִי אֵינָהּ, חֲזוֹנָהּ נִסְתָּם.

קְהִלַּת קֹדֶשׁ אַחַת מֵאֶלֶף
צָמְחָה לָבֶטַח בִּשְׂדוֹת עֵשָׂיו
וְנָשְׂאָה בְּאַהֲבָה, בַּשֶּׁלֶג בַּדֶּלֶף
עוֹל יִשְׂרָאֵל וְחוֹק אֱלֹהָיו

וַחֲסִידֶיהָ עֲלִיזֵי הַנֶּפֶשׁ
שְׁכּוּרֵי שְׁכִינָה, נְגִינָה וְיַי״שׁ
הַנּוֹף הַפּוֹלָנִי, הַבּוֹץ וְהָרֶפֶשׁ
מִכְּבוֹדָם הֵאִירוּ בְּאוֹר חָדָשׁ

בֵּית הַמִּדְרָשׁ וּבֵית הַכְּנֶסֶת
וַחֲצַר הָרַבִּי בִּקְצֵה הָעִיר
רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם! מָה רַב הַחֶסֶד
וְכַמָּה קְדוּשָּׁה וְכוֹסֶף וָשִׁיר

הָיִית וְאֵינֵךְ עוֹד, עִיר חוֹלֶמֶת
עַל תִּקּוּן עוֹלָם בְּמַלְכוּת שַׁדַּי
וְעַתָּה בָּךְ כִּפַּת הַתְּכֵלֶת דוֹמֵמָה
וּמִשְׁתּוֹמֶמֶת: הֵיכָן בָּנַי?

דַּלּוּ יְהוּדֶיהָ לְמַרְאֵה עֵינַיִם,
לֹא תֹאַר לָמוֹ וְלֹא הָדָר
וּפְנֵיהֶם בְּעֵינַי כְּאוֹר שִׁבְעָתַיִם
וְעָנָיִם לְלִבִּי מִפָּז יָקָר

הָרַב הַגָּבוֹהַּ, הַמּוֹץ הַזּוֹרֵחַ
הַנֶּאֱנָח מִיִּרְאַת שָׁמַיִם: אוֹי!
הַתָּם הַסּוֹפֵר, הַשּׁוּ״ב הַפִּקֵּחַ
וּבְנוֹת יִשְׂרָאֵל הַגְּדוֹלוֹת בְּנוֹי.

עִירִי שֶׁבְּתוֹתֶיהָ וִימֵי חַגֶּיהָ
יָשְׁפְּעוּ שִׂמְחָה וְזִמְרָה כַּיָּם
וְאוֹר הַתּוֹרָה הָיָה נוֹגַהּ
מִבַּעֲלֵי בָּתֶּיהָ וַהֲמוֹן הָעָם.




אזכרה ביום השנה ה־14 לחורבן רוזוואדוב




רוזוואדוב עירי זכרונה לברכה



רוזוואדוב עירי זכרונה לברכה

# סטאניסלאוו גרושקה

שר משה (מאהלר)

בראש השנה 1939 נכנסו הגרמנים לרוזוואדוב. מיד עם כני־סתם ניתן האות לביזה ושוד של רכוש יהודי ופגיעה בנפש, בה לקחו חלק תושבי העיירה הלא יהודיים בעידוד הצבא הגרמני. נפרצו חנויות, הורקו מחסנים והסחורות נזרקו החוצה.

כשבוע אחרי כניסת הגרמנים פרצו חיילים גרמניים את דלת מחסנו של ר׳ שלמה בוך ז״ל והפולנים בני העיר התחילו לשדוד.

אחד השכנים הפולניים, סטניסלאוו גרושקה, בעל מסעדה בסביבה נכנס תוך סכנת נפשו, עצר בעד ההמון וגרש את כל המשתתפים בביזה, הודות לו ניצל הרכוש זמנית עד לגירוש היהודים מהעיירה. במשך התקופה הקצרה שהיהודים נשארו בעיירה תחת השלטון הנאצי עד לגירוש (בחול המו־עד סוכות) עזר בהרבה, תוך סיכון עצמו, ליהודים ובייחוד הייתה רבה עזרתו ביום הגירוש. סטניסלאוו גרושקה היה גם לפני המלחמה ידוע כנותן הלוואות (גמילות חסד) לסו־חרים קטנים.

את הידיעה הזאת קבלתי במישרין מיהודי־דתי שהוא בקביעות קבל ממנו את ההלוואות וכמו שלא היה מקרה של סירוב כן גם לא היה מקרה של דרישת תגמול כלשהו.

# זכרונות

שפרה דאמסקי לבית שווארץ

אבי ברוך ליב שווארץ דייג היה וסיפק דגים לכל הערים בסביבתנו. ברדומישל המתחממת לאורה של רוזוואדוב, אמי איטה שווארץ לבית מסינג רוזוואדובאית הייתה. אחותי, חיה ואני שנותרתי יחידה עסקנו בנוער היהודי יסדנו חוג דרמטי ומהכנסותיו הקימונו ספריה וגם עזרנו לנצרכים.

הנוער היהודי בעיירה הקים „מכבי אש" אך משפרצה הבערה הגדולה לא עמד לו הכוח לכבות הלהבה הגדולה בה אכל ולא נמצא מכבה אש מציל. דלות הן מלותי ואבקש למצוא להן בטוי זכר להורי ולאחותי ולעיירה הקטנטונת.

# גירוש יהודי העיירה ראדומישל

דניאל פרייברג

ביום א', יום שמחת־תורה ליהודים שנת תש"ג (4.10.1942) יצאנו לבקר בקוזלובקה. כרגיל יצאנו מראכווו, זה אנאפיל לפני עלות השחר והגענו השכם בבוקר לשם. בבואנו הבחנו בפנים חדשות, יהודים ויהודיות עם ילדיהם ולצדם צרורות שונים בסוג ובגודל. לשאלתנו מי הם האנשים האלה נאמר לנו, שאלה הם יהודי רדומישל *, חולוביץ והסביבה אשר נמלטו הנה מהגירוש הכללי. היהודים עצמם ספרו, שכל היהודים מסביבתם, החלק הגליצאי שסופח לפלך קרשניק ע"י השלטונות הגרמניים, גורשו ממקומותיהם ולפי הצוו היה על כולם להתיצב ברוזוואדוב, עיר אשר תחנת הרכבת שלה שמשה את הסביבה כולה. אחדים מהם, שנהיר היה להם מה פירושו של הגירוש הזה, בחרו להסתכן ולהגיע לסביבתנו, על אף שאין להם כאן לא קרובים ולא ידידים.

כאן כדאי, אולי, לציין שבמשך למעלה מעשרים שנות קיום פולין העצמאית, שנים בהן הוסר הגבול הפוליטי בין גאליציה לבינינו, לא הוסר הגבול והחיץ בין שני חלקי היהדות והמצב נשאר כקודם, עת היינו נתינים של שתי ארצות. לא נוצרו שום קשרים בינינו. לא חתון, לא היכרות ולא יחסים אחרים. רק קשרי מסחר נוצרו פה ושם. גאליציה שהייתה ענייה במזון קנתה אצלנו קמח ומוצרים אחרים ואנחנו היינו מביאים משם, באותן העגלות שהובילו לשם את המזון, מוצרי תעשייה כלשהם. מבחינה חברתית ותרבותית הגבול כאילו נשאר.

מאחר וההליכה בדרך הייתה מסוכנת לאור היום וביום א' זה חופשים היינו מעבודה — נשארנו שם עד שעות לפני החשיכה ורק בערב הגענו הביתה. חשבנו שנהיה הראשונים להביא את דבר הגירוש לידיעת העיירה, ברם פליטי גאליציה הקדימונו ואחדים מהם הגיעו גם לעיירה, על אף סכנת הדרכים.

---

* ב־16 באוקטובר אותה שנה גורשו יהודי גאליציה ביחד עם שאר יהודי קרשניק ברובם להשמדה . . .

# אין געזאָלצענעם ים פון די מענטשלעכע טרערן, גיסט זיך אריין נאָך אַ שטראָם

משה סילווער כספי (ניו־יאָרק)

געבענטשט זאָלן זיין די אַלע, וועלכע האָבן גענומען די איני־ציאַטיוו אויפצושטעלן דעם דאָזיקן דענקמאל.

ווער קאָן אויסדערציילן די גאַנצע גרוילעכע געשיכטע פון די געפירטע צו דער שחיטה ?



זילבר סימה, אשתו הראשונה
של צבי (הרמן) זילבר

ווער קאָן צונויפנעמען די אַלע וויי־געשרייען פון די לע־בעדיק־באַגראָבענע, קאַלטבלוטיג דערשאָסענע, פון היינט צעריסענע, פון הונגער אויסגעגאַנגענע, אין גאַז קאַמערן דערשטיקטע, אין קרעמאַטאָריעס פאַרברענטע ?

ווען קאָן שילדערן די סצענעס און די יללה פון די וועלכע זיינען געווען געצוווּנגען צו גראָבן די אייגענע קברים ?

דאָס פאָלק וויל אויסוויינען דעם ווייטאָג, עס קאָן נישט שווייגן.

זיינען דערפאַר געשאַפן געוואָרן יזכר־ביכער, עס וואַקס זייער צאָל פון יאָר צו יאָר. זיי ווערן אַרויסגעגעבן מיט פיעטעט. זיי זיינען דאָקומענטן פון ווייטאָג און צאָרן, פון געוויין און קללות, און זיי זיינען אויך אַן אָנקלאַגע און מאָ־נונג צו דער וועלט, אַז די מערדער זאָלן געמשפּט און באַש־טראָפט ווערן און אַז מער קיינמאָל נישט זאָל דערלאָזט ווערן צו אַ נייעם נאַציזם אויף דעם ערד.

ברענגען מיר צו דער עפנטלעכקייט נאָך אַ בייטראָג צו דער געשיכטע פון דעם אומקום פון אַ דריטל פון אונדזער פאָלק. אונדזער שטעטל ראַזוואַדאָוו איז בלויז אַ קליין פּינ־טעלע אין דעם גרויס שטח, ווו די רוצחים האָבן געקוילעט און געגאַזט אונדזערע שוועסטער און ברידער — — —

זאָלן די ווערטער דינען ווי בלומען אויף מיין מוטערס קבר.

# טרערן...

צבי האָראָוויץ (צפת)

די צווייטע וועלט־מלחמה האָט שוין געהאַלטן ביי נעילה, הגם די קאמפן זיינען נאָך אָנגעגאַנגען אין דער סביבה פון בערלין. עס איז געווען פרילינגס־צייט — פוילישער פריי־לינג, יידישער געשיכטלעכער הערבסט. געקומען בין איך אין ראַזוואַדאָוו פון דער פוילישער אַרמיי מיט וועלכער כ׳בין געקומען פון רוסלאַנד, זיך אַריבערגעכאַפּט פון לובלין, פון מיידאַנעק, ווו מיר זיינען געווען איינקוואַרטירט...

געקומען בין איך אין ראַזוואַדאָוו, אפשר טרעפן עמעצן

פון משפחה, אפשר האָט מען זיך אויסבאַהאַלטן אין זביד־ניעוו, אפשר אין פריצישן הויף, וואָס איז אַליין געגאַנגען לאיבוד.

19 נפשות פון דער פריצישער משפחה האַראַדינסקי איז דערמאָרדעט געוואָרן דעם 24סטן יוני 1943 ביי אַן איבער־פאַל.

כ׳האָב אַריינגעקוקט אין יעדנס פּנים — אולי, אולי ירחם...

און אזוי איז רבות מחשבות בלב איש...

אין ראַזוואַדאָווער מאַרק זיצן פויערטעס און פאַרקויפן אויף בענקלעך חזיר־פלייש און ווורשטן. ס׳דרייען זיך אַרום סאָלדאַטן, פּוילישע, סאָוועטישע, פּלוצים שפּיר איך אויף מיינע אַקסלען צוויי הענט. אַ סאָוועטישער אָפיצער, אַ הויכער, א רונד, פול פּנים מיט אַ בערדיטשעווער באַקאַנטן שלום־עליכם נעמט מיך אַרום און קושט מיך...

— אַ וואָס טוט איר דאָ פרעגט ער מיך ?

— אַ באַגעגעניש...

דער אָפיצער איז אַ באַקאַנטער פון אוקראַינע ; מיר האָבן זיך באַפריינדעט אין שטעטל סלאַוויאַנסק, אַ קוראָרט־שטעטל אין דאָנבאַס־בעקן, אוקראַינע, געאַרבעט אַלס לערער האָט ער דאָרט. געוועזן איז עס אין די יאָרן נאָכדעם ווי מיר האָבן 1939 אַוועק פון לעמבערג. צום ערשט געאַרבעט אין אַ קוילן שאַכט, שפּעטער געקומען אין סלאַוויאַנסק, אַ קליין אוקראַיניש שטעטל מיט געציילטע יידן. דאָס אָרט און סביבה איז געווען פאַרהייליקט און ביים צאַר איז נישט געווען דערלויבט קיין יידן דאָ צו וווינען חוץ גרויסע סוחרים און בעלי־מלאָכות...

זיינען מיר, איך און אַ חבר פון וואַרשע וואָס מיר האָבן אים גערופן „דזידזי" צוליב זיין קליינעם געוויקס, געוואָרן באַקאַנט און אַחים לצרה...

זיינען מיר די ערשטע נאַכט אין סלאַוויאַנסק געשלאָפן אויפן באַן־הויף, די צווייטע נאַכט אויך אַזוי געקלערט צו טאָן. דערווייל האָט זיך אַ רעגן אַריינגעלאָזט אין סלאַוויאַנסק, זיינען אַדורכגעגאַנגען צוויי יידן „פּרימוסניקעס", אונדז דערקענט, און מיטגענומען מיט זיך פון אונטער דעם באַלקאָן פון פאַרטיי־קאַבינעט... גענומען די „זאַפּאַדניקעס", ווי מ׳האָט אונדז גערופן, די דאָרטיקע אוקראַינער האָבן אונדז גערופן „ביאַלאַרוסן", הגם מיר זיינען קיינמאָל אין ווייסרוסלאַנד נישט געווען. אַריינגעקומען אין אַ נאַסער קעלערשטוב, אָנגעהויבן כאַפּן אַ שמועס, אַ גלעזל טיי. דערווייל האָט דער צווייטער אָנגעפרעגט זיין ווייב, צי ער זאָל ברענגען אַן אורח אַ זאַפּאַדניק שלאָפן...

פאַרשטייט זיך, אַז זי האָט מסכים געווען. זי איז געווען אַזוי ווי אַ שוועסטער זיך באַנומען, נאָך זיצנדיק אין קעלערשטוב האָט מען אונדז דערלאַנגט 20 רובל, הגם מיר האָבן געהאַט געלט.

געשיקט האָט עס סליטשאַק פון סלאַוויאַנסק. אַ סך יאָרן געקעמפט קעגן גירושים, געווען אַ ציוניסט, דערצויגן ציוניסטיש זיינע קינדער, איין זון דער יינגערער האָט אים אַפּילו פאַרשאַפט עגמת־נפש, וואָס ער האָט אים אַריינגעבראַכט אַ נישט יידישע שנור... סליטשאַק האָט געפירט דאָס בית המדרש וואָס איז געווען אין בית־הקברות שטיבל, ווייל מ׳האָט דאָס בית־המדרש פאַרוואַנדלט אין אַ שול. געפירט האָט ער אַ געהיימע גמילות חסדים־קאַסע, ווו הייסע פאַרטיי־חברים האָבן זיך משתתף געווען מיט חודש־אָפּצאָל...

סליטשאַק, אַ ייד איבער די זיבעציק, ביי די בעסטע כוחות, האָט געאַרבעט אין אַ בודקע אין מאַרק פאַר זיך. אין דער בודקע האָט זיך אָפּגעשפּילט דאָס סלאַוויאַנסקע קהלה לעבן, אַמאָל דאָ געווען אַ הייליקער ראַיאָן מיט אַ הייליקן באַרג מיט אַ קלויסטער, דערנעבן אַ יידישער ישוב מיט אַ באַקאַנטן רבין... היינט אַ שוכן עפר.

און איצט טרעף איך זיך מיט סליטשאַקס איידעם, וואָס שטייט זיין ראַזוואַדאָוו, אַ סאָוועטישער אָפיצער מיט אַ פּוילישן סאָלדאַט — ביידע יידן...

— איר זייט דאָ אין קאָמאַנדע ? — פרעגט מיך סליטשאַקס איידעם. — מיין טייערער, האָב איך געענטפערט — שווער אייך צו זאָגן, געקומען אויף קבר אָבות, און די קברים זיינען נישטאָ, די מצבות זעט איר דאָך אין מאַרק אויסגעפּלאַסטערט... נישט קיין לעבעדיקע, נישט קיין טויטע. איר געדענקט וואָס כ׳האָב אייך געזאָגט, אַז געבוירן בין איך אין קראָקע, דאָרטן קיינעם נישט געפונען, געקומען אַהער, אפשר עמעצער זיך אויסבאַהאַלטן... דאָ זיינען געווען קרובים, משפחה, מחותנים, געקניפּט און געבונדן נישט בלויז מיט דעם שטעטל נאָר אויך אַזוי מיט דער סביבה, דערפער און שטעטלעך אַרום...

געקומען אָבער — מיט אַן אולי ירחם... קיינעם נישט, קיינעם געפונען. מיר האָבן זיך פונעם פאַריתומטן מאַרק געווענדט צום באַנוועג, וווהין תמיד יידן, יידישע יוגנט, פלעגן גיין. איר האָט געזאָלט זען, ווי אַ רבי איז געקומען און עולם האָט אים געגעבן „שלום". איר הערט דערנעבן פאַראַן אַ דערפל זבידניעוו איז אונדזער עלטער זיידע משולם וואָכהאַלדער געקומען וווינען אַהער 1857, מיט אַ פּרוי, וואָס ער האָט זיך געבראַכט פון ראַזוואַדאָוו. אַליין געשטאַמט פון קרוינפּוילן. געהערט האָט עס צום צאַר. זיינען געווען צרות פאַר יידן מיט עלילת דם בלבולים, מיט מיליטער־צוואַנג, מיט גזירות. איז ער אַנטלאָפן געקומען קודם צו דער גרענעץ ביי כוואַלאָוויץ. אַמאָל האָט מען געהאַט

קיין עין־הרע קינדער, האָט מען זיך משדך־געווען און ס׳זיינען געקומען דורות. האָבן זיך די וואַכהאַלדערס צע־צווייגט פון דעם איינעם משולם וואַכהאַלדער און צעוואַקסן, געוואָרן נייע משולמס. איר דערמאָנט אייך ווען ביי אייער שווער בחברותא האָב איך פאַרגעלייענט די מעשה מיט גענז פון אברהם וואַכהאַלדער, ווי ער איז אין וואַלד אַנט־לאָפן אין חופה־טאָג נישט געוואָלט חתונה האָבן, האָט אים דער פאָטער וויגדאָר וואַכהאַלדער, אַ זון פון משולם, מכבד געווען מיט אַ פּאַטש, גייסט מבייש־זיין אַ כלה אין חופה־טאָג — און טוסט ווי דו פאַרשטייסט.

אברהם האָט פאַרנומען דעם פּאַטש אַלס מזלדיקן און אַט אַנטקעגן, ווו מיר זיינען געשטאַנען אין מאַרק, האָט ער געהאַט אַ הויז, אַ קראָם, לעצטנס אַ באַנק, געמסחרט מיט גענז, מזל און ברכה. נאָך דער ערשטער מלחמה, ווען פּויע־רן זיינען געקומען אין שטאָט גזלען, רויבן, האָט ער גע־זאָגט: גייט אַריין אַלע אין שטוב. ער האָט גענומען אַ דישל, אין האַנט; „אויב איר קומט רויבן, צעהאַק איך אייך די קעפּ...״. זיינען זיי אַוועק מיט חרפה... האָט מען אויפן הויז געשטעלט אַ שטאַק. ער איז שוין געווען אין שכנות פון זיין פאָטער, מוטער און זיידע אויפן עולם האמת און אויפן גאַניקל האָבן זיך אין אַ שבת נאָכמיטאָג פאַר דער מלחמה זיין טאָכטער אברהמס שיינדל מיט אירע חברטעס צונויפגעקומען און געזונגען לידער, געחלומט פון איר נאָענ־טער חתונה, דעם חתן האָט מען אויפן וועג געשאָסן בעת די מלחמה איז אויסגעבראָכן... אויפן וועג פון סאַנץ...

געווען נאָך צוויי פעטערס אין שטעטל מאיר און הערשעק דער שוסטער, גערופן האָט מען אים קאַשע־מאַכער.

אין זבידניעוו האָט געוווינט ישראל וואַכהאַלדער, אַ זון פון משולם, געבערענגט פון פריצישן הויף כשרע מילך אין שטעטל, פיש, געהאַט אַן ארענדע, מהנה געווען ראַזוואַדאָוו, ווי אַן אידיליע. מיט יידן, ראָמאַנטיק, מיט פערד און וואָגן, אַמאָל בין איך געקומען צו גאַסט צו פאָרן אין זבידניעוו. האָב איך אַלס דריי־יעריקער געוואָלט אַביסל פאָרן, איז ס׳פערד אַריין אין אַ בוים. די בוימער זיינען אַלט געוואָרן דאָ אין ראַזוואַדאָוו.

אָט אַזוי מיינע טייערע, כ׳וויל אייך עפּעס נאָך דערציילן, דער פאָלקלאָר איבערן חורבן בית־המקדש איז דאָך אייך באַקאַנט. אַ בערדיטשעווער פון רבי לוי יצחקס שטאָט זייט איר דאָך. איז דאָך פאַראַן אַ רייכער פאָלקלאָר וועגן חורבן בית־המקדש מיט אַן איכה, ווייל מ׳האָט טויבן נישט געגעבן עסן, מ׳האָט די מלמדים שכר־לימוד נישט געגעבן... און נאָך און נאָך. קמצא בר קמצא, אָבער די עבירה פון שנאַת אַחים איז כנגד כולם... אַנטקעגן וואָס זאָג איך עס, מיין ברודער האָט חתונה געהאַט מיט דעם פעטער מאיר וואַכ־האַלדערס טאָכטער, איצט האָט ער אין רוסלאַנד ביי סטאָ־לינגראַד געקעמפט, געווען איז די חתונה אַ צייט פאַר דער מלחמה, עטלעכע וואָכן, געווען דוכט זיך די לעצטע יידישע חתונה אין שטעטל...

מיין פעטער מאיר וואַכהאַלדער האָט זיך געפירט, אַז אין די רבישע מחלוקות האָט ער זיך נישט געמישט. געווען צוויי רבישע אייניקלעך, איינער איז געווען עלטער, דער צווייטער מער לערנער, מער למדן, איז געווען צוויי פאַרטייען מיט חסידים. די אייניקלעך פון ר׳ משהלע האַראַוויץ, וואָס האָט דאָ געגרינדעט די רבישע דינאַסטיע, איז שבת צו דער חתונה האָט דער פעטער מאיר ביידע אייניקלעך פאַרבעטן; ער האָט זיך נוהג געווען צו שיקן חודש־געלט, חנוכה א.א.וו. האָט ער זיי אויך ביידע פאַרבעטן צו קומען צום קי־דוש. האָט זיך איינער באַוויזן מיט זיינע חסידים, זיך געזעסן ביים טיש, ווי געוויינלעך, נו האָט זיך באַוויזן דער צווייטער ברודער מיט זיינע חסידים. האָט זיך דער צווייטער אַוועק־געשטעלט אויף דער שוועל, געוואַרט ביז דער ברודער איז אַוועק פון טיש, איז ער, דער צווייטער ברודער, ערשט צוגעגאַנגען...

איר פאַרשטייט שנאת אחים... דאָס בילד שטייט מיר פאַר די אויגן, פון די צוויי ברידער... איינער זיצט, דער צווייטער שטייט אויף דער שוועל...

עטלעכע וואָכן נאָך דעם בין איך געקומען צו פוס פון קראָקע. שוין געווען מלחמה. דייטשן האָבן שוין געבושע־וועט ווי אַ בייזער שטורעם, מיין ברודער האָט אַ דייטש מכבד געווען מיט אַ טאָפּ, אַ „יידן טאָפּ״, ער האָט זיך גע־וויזן נישט אַלס ייד. כ׳בין אַוועק קיין רוסלאַנד, און די יידן זיינען אומגעקומען אויף אַלערליי מיתות משונות...

סליטשאַקס איידעם האָט מיך געהאַלטן אונטערן אָרעם, נאָר געזאָגט, כ׳וועל מיין פרוי און שוואָגער שרייבן פון אייך. ער איז אין מאַגניטאָגאָרסק ביי זיין יינגסטן זון. ער וועט ממש נישט גלויבן.

פאַרבייגייענדיקע האָבן געקוקט; אַ סאָוועטישער אָפי־צער מיט אַ פּוילישן זעלנער רעדן יידיש, געאָרעמט, סליט־שאַקס איידעם האָט נישט געזען, בארוישט פון דער באַגע־געניש, פון דער איבערלעבונג, פון שטעטל, פון יידן, פון וואַכהאַלדערס, געווען בלאַס. ביי דער באַן שוין גאָרנישט גערעדט, געקוקט אויף מיר, זיך אַרויסגענומען אַ טיכל דיס־קרעט, כ׳זאָל נישט באַמערקן, זיך אויסגעווישט די אויגן...

מיר האָבן דאַמאָלס ביידע געוויינט אויפן חורבן פון ראַז־וואַדאָוו, אויפן חורבן פון יידישן פאָלק.

געלאָזט אַ טרער אין ראַזוואַדאָוו.

